
3 0112 072851303



# חרבן ירושלים

היסטאָרישע אָפּערעטע אין 5 אַקטען.

פרייז 25 קאפ.



ווארשא תרס"ח

Хурбон Іерушолаим

т. е.

РАЗРУШЕНІЕ ІЕРУСАЛИМА.

Тип. Н. Старовольскаго, Варшава Гусья 13.

1908.

פון

לאטיינע.

יודישע

ער-ביבליאָטעק

№. 13

Latteiner
Churbon yeruschalayim

# חֻרְבַּן יְרוּשָׁלַיִם

הִיסְטָארִישֶׁע אָפֶּערֶעטֶע אִין 5 אַקְטֶען.

פרייז 25 קאפ.



ווארשא תרס"ח



פון
יוסף לאטיינער.

יודישע
טהעאטער-ביבליאָטעק
№. 13.

Хурбон Iерушолаим
т. е.
РАЗРУШЕНІЕ ІЕРУСАЛИМА.

Тип. Н. Старовольскаго, Варшава Гусья 13.
1908.

296.025
L35c




# די פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| צִדְקִיָהוּ: | קעניג פון ירושלים |
| חַמוּטִיל: | זיין מוטער |
| הֲדַסָה: | זיין טאָכטער |
| יִשְׁמָעאֵל: | חמוטיל׳ס פּלימעניק |
| גְדַלְיָהוּ בֶּן אֲחִיקָם: | גוווערנער |
| צְפַנְיָהוּ: | 4 אויסגעדינטע סאָלדאַטען |
| חֲנַנְיָהוּ: | |
| אֱלְיָקוּם: | |
| תַּנְחִימוּת: | |
| יִרְמְיָהוּ הַנָבִיא: | |

פאָלק, סאָלדאַטען.

~~~~~~~~

## ערשטער אַקט.

זאַל בײם קעניג צדקיהו. א טרעפּ אַראָב צוגעהן צו א װעראַנדע.

האָך לעבע צדקיהו אונזער קעניג, האָך לעבע אונזער היילינ לאַנד.
האָך לעבען אונזערע העלדען בעריהמט גאָר אָן א צאָהל.
נבוכדנצר מלך בָּבֶל ציטערט פאַר אונזערע קרעפטיגע האַנד,
נידער מיט די כאַלדעער, האָך לעבע די גבורי ישראל!
(צדקיהו ערשיינט בעגלייטעט פון גענערעלער).

### אלע.

יְחִי הַמֶלֶךְ! יְחִי הַמֶלֶךְ! יְחִי הַמֶלֶךְ! הֵידָד!

### צדקיהו. (בעשטייגט דען טראָהן)

גאָט מיט אייך געליעבטע העלדען אייער מוטה איז מיר בעקאַנט,
דאָך איז די געפאַהר צו גרויס, אייער ראַטה לאָסט הערען יעצט.
נבוכדנצר מלך בבל, וויל פערניכטען אונזער היילינ לאַנד.
זאָגט, זאָלען מיר זיך אונטערגעבען, אָדער קעמפּפען ביז צו לעצט?

### כהנים.

אונטערגעבען! פערלאָהרען איז אונזער מוטה!

### העלדען.

שווייגט איהר פאַלשע כהנים! איהר רויבט אונזער מוטה!
קעמפּפען מוזען מיר ביז צום לעצטען טראָפּען בלוט!

### ירמיהו. (פון דרויסען)

נָפְלָה עֲטֶרֶת רֹאשֵׁנוּ אוֹי נָא לָנוּ כִּי חָטָאנוּ.

### אלע.

שרעקליך, די שטימע פון ירמיהו הנביא.

P 23776
~~~~~~~~

## צדקיהו.

ברענגט איהם אריין (מען פיהרט אריין ירמיהו'ן) דעם אמת וויל איך
פון דיר הערען יעצט אין אונזער גרויסען נויט.
אויף אונזער לאנד, אויף אונזער פאלק, לאז אונז הערען דעם
ווילען פון גאט!

## ירמיהו.

אה צדקיהו, מיין קעניג, אונד איהר אלע!
גאטעס ווארט פון מיר הערט:
ווארום לאזט איהר מיין פאלק זא אונבארמהערציג
אום קומען דורך הונגער אונד שווערד.
נבוכדנצר מלך בבל מוז אייער הערשער זיין,
איהר וועט געגען איהם ניט באשטעהן.
ברענגט אייער האלז אונטער זיין יאך,
דאמיט איהר זאלט ניט צו גרונדע געהן.
וועט איהר אבער ווייטער אזוי הארטנעקיג בלייבען געגען מיין ווילען!
זא וועל איך מיינע שרעקליכע בעשטימונג אויף אייך באלד ערפיהלען.
כה אמר ד׳ צבאות אלהי ישראל:
שרעקליך ברענט מיין צארן פאר אייערע זינד, אהנע צאהל.
פערברענען, פערניכטען, וועט נבוכדנצר דאס גאנצע לאנד,
אומקומען וועלען אלע ניעמאנד ענטרינען פון זייער האנד,
אונד דו צדקיהו וועלכער זיצט נאך יעצט אויף דיין טראהן
געפאנגען אין שווערע קעטען ווירסטו באלד געשלעפט נאך בבליאן.

## העלדען.

האלט איין קעניג, פאלש איז אלעס, ער איז איין בעטריגער,
דען מוטה אונז צו רויבען האבען איהם געדונגען די כאלדעער.

## ירמיהו. (קניעט)

וועה איז דיר טאכטער ירושלים,
עס איז שוין דיינע לעצטע שטונדע,
שוין זעה איך דאס פייער ברענט דאס הייליגטהום גאטעס,
פרייד אייך אונזערע פיינדע.
לאכט, מאכט פון אונז געשפאט,
נפלה עטרת ראשינו אוי נא לנו כי חטאנו.

## אלע.

אוועק פון דאנען דו פאלשער פערקויפער!
ער וויל אונז איבערגעבען צו די כאלדעער,



הער איהם ניט קעניג, פאר דיינע אויגען זאל ער ניט קומען מעהר—
ניעדער מיט נבוכדנצר! האך לעבע צדקיהו!
האך לעבען די גבורי ישראל! יחי המלך! יחי המלך! יחי המלך! (אב).

## ישמאל.

ח ח ח יחי המלך! דער קעניג צדקיהו זאל לעבען. — יא יא מיין
טהייערער קעניג, זאלסט לעבען זא לאנג ביז דו ווירסט מיט א קאפף
קירצער ווערען. דו נארעשער צדקיהו! דו האסט מיך פיר דיין טרייעסטען
דיענער, פיר דיין קליינסטען ראטהגעבער—געהאלטען, אונד דו האסט ניט
געפיהלט דאס מיין טרייע צו דיר וואר נור א נעץ אין וועלכען איך האב
געזוכט דיך צו פאנגען, דו האסט מיין ראטה געפאלגט געגען דעם
קעניג נבוכדנצר צו רעוואליוציאנירען. ירושלים איז יעצט בעלאגערט פון
א אונגעהייערע גרויסע מאכט פון כאלדעער, היינט אדער מארגען, פאלען
מוז עס, יא, פאלען צוזאמען מיט דעם קעניג צדקיהו, דאס האב איך
געוואלט. — ווארום האט מען מיר די קרוין צו גענומען? איך ישמאל, איך
בין דאס עלטסטע איינקעל פון יהושוע המלך. אונד נאכדעם יהויכין איז
געפאנגען האט די קעניגליכע קראהנע געהערט צו מיר, נאך איהם האב
איך געברויכט דעם קעניגליכען טראהן בעשטייגען, אבער מיין אנקעל
צדקיהו האט פערשטאנען ביי נבוכדנצר זיך איינצושמייכלען, דאס ער האט
איהם מיינע קראהנע אוועק געגעבען. נאר ציטערע דו לייכטזיניגער קעניג!
11 יאהר זענען שוין פאריבער זייט דו האסט ביי מיר מיין רעכט וועק-
גערויבט, אבער שרעקליך וועט דיין ענדע זיין, זיטץ נאך היינט פעסט
אויף דיין שוואכען טראהן, זעטיג דיינע אויגען מיט דעם גלאנץ פאן דער
געקויפטער קראהנע; אבער באלד, זעהר באלד ווירסטו זי ניט מעהר
זעהען, מיינע ראכע האט ענדליך געזיעגט, נון אונד דו נבוכדנצר מלך
בבל, גלויבסט דאס דיך האב איך ניט אין זינען געהאט?! דו ווילדער
מענשענפרעססער דו זאלסט דיך אויך ניט פרייען פאר דער צייט! בשעת
דו גלויבסט אז דו האסט שוין גאנץ יהודה איינגעשלונגען, וועט פלוצלונג
הינטער דיין ריקען אויסוואקסען א מעכטיגער פיינד, וועלכער וועט דיר
דעם פעטען ביסען פון דיין מויל ארויסרייסען צוזאמען מיט דיינע צייגער!
דאס איז בעליס, דער קעניג פון עמון, ער איז איינגעגאנגען אויף מיין
פארשלאג, דאס מיר ביידע זאלען זיך טהיילען דאס לאנד יהודה, ווען ער
וועט מיר פערהעלפען די קראהנע אויף מיין קאפף צו זעטצען. דאס איז
מיין איינציגעס שטרעבען, דער איינציגער צוועק פון מיין לעבען, איך
וויל אונד מוז קעניג זיין! און זאל מיר דאס ניט געלונגען. טייפעל אונד
העללע — זא זאל אלעס צו גרונדע געהן, דאס שטאלצע שעהנע ירושלים
זאל צו הויפען אש פערוואנדעלט ווערען, תהו ובהו זאל ווערען פון גאנצען
לאנד, האב איך מיין רעכט פערלארען, זא זאל גאנץ יהודה פערלארען
געהן, די קראהנע איז מיינע, יא זי איז מיינע (אב).

(מוזיק שפיעלט פארווערטס):

**הדסה.** (ערשיינט)

איינזאם בין איך געבליבען מיט קומער און שמערצען,
פערשוואונדען איז פון מיר יערע רוהע, געליעבטער פון מיינעם הערצען.
וואו ביזט דו!? אך גדליהו וואו ביזט דו?

(זינגט).

מיטען רוהיגער שטילער נאכט,
ווען אלץ רוהט אין זיסען שלאף
ווען קיין לעבענד וועזען וואכט,
הערט זיך דייטליך איין ליעבע רוף:
קום געליעבטער! קום מיין לעבען!
איך ערווארט פון דיר מיין גליק
מיט אלע כחות וועל איך שטרעבען
דיך ביי מיר צו זעהען צוריק
שרעק זיך ניט און קום שנעל צו מיר
ווייל בענקען טהוט נאך דיר מיין הערץ,
קום נור קום איך ווארט אויף דיר
מיט דיר צו טהיילען פרייד און שמערץ.

---

II.

גרויסער גאט מאך מיך בעגליקען
ערבארם זיך איבער מיין שמערץ,
זאלסט מיר מיין גדליה צו שיקען
ער זאל היילען מיין פערוואונדעט הערץ.
זיין שטימע הער איך אין טרוים
ווארט מיין ליעבע, איך פליה צו דיר
פערליער קיין מוטה, איך קום, איך קום!
זאגט מיין הערץ שטענדיג אין מיר
שרעק זיך ניט און קום שנעל צו מיר
ווייל בענקען טהוט נאך דיר מיין הערץ,
קום נור קום, איך ווארט אויף דיר
מיט דיר צו טהיילען פרייד און שמערץ.

(קעניגין חמוטיל ערשיינט).

**חמוטיל.**

הדסה!



**הדסה.**

אָה מיין גרויסמוטער!

**חמוטיל.**

איך האב דיר געוויס געשטערט, נישט אמת!?

**הדסה.**

געשטערט?!!

**חמוטיל.**

גאנץ געוויס, זעה איך דען ניט אין דיינע אויגען, דאס דו האסט שוין ווידער פאנטאזירט פון דיין געוועזענעם געליעבטען? ווילסטו נאך אלץ ניבט פערגעסען אן יענעם פאלשען קנעכט, גדליהו? מיר די אלטע קעניגין, דיין טרייע גראסמוטער, ביסטו גאנץ פרעמד געווארען, צו דיין קעניגליכען פאטער צדקיהו האסטו דיין גאנצעם צוטרויען פערלוירען!! אה דו פערפיהרטעס קינד! צוליעב וועמען טרעטסטו מיט די פיס דיינע ליעבע עלטערן? צוליעב זא א געמיינען שקלאווען!!!

**הדסה.**

שטיל, גראסמוטער! פאר וואס קומט איהם צו שימפפען? איז דאס נאך וועניג דאס אונרעכט וואס עס איז איהם דורך אייך געשעהען?

**חמוטיל.**

אונרעכט?!!

**הדסה.**

איין הימעל שרייענדעס אונרעכט! ווארום איז ער זא גרויזאם בעשטראפט געווארען, וואר ער דען ניט בעליעבט ביים גאנצען פאלק? וואר האט ער זיך וועניג בעריהמט געמאכט דורך זיינע העלדענטהאטען? וואר ניט דער נאמען גדליהו ביי יעדען געעהרט אונד געשעצט? אונד דאפיר וואס ער האט אויך מיין הערץ געוואנען האט איהם מיין פאטער אלע זיינע גיטער וועק גענאממען, איהם וועק גענאממען, פון די ארמען זיינער שטערבענדען מוטטער, אונד אין שווערע קייטען וועקגעשיקט נאך בביליאן אלס איין שקלאווע צו דעם קעניג נבוכדנצר, נון איך פרעג דיך גראסמוטטער, האט ער דאס פערדיענט? ווארום האט איהר איהם זא אונבארמהערציג בעהאנדעלט? ווארום?! ווארום?!!

**חמוטיל.**

ווארום?! איינע שעהנע פראגע, ווארום! ווי האט זא איינער געוואגט זיינע אויגען אויפצוהויבען צו דיר דעם קעניג צדקיהו'ס טאכטער.

**הדסה.**

פערצייהע מיר גראסמוטער! דו ביזט אין אירטהום, ניכט ער האט זיינע אויגען צו מיר אויפגעהויבען, זאנדערן איך... איך האב מיינע אויגען צו איהם אויפגעהויבען!!

**חמוטיל.**

וואס???!!

**הדסה.**

אין מיינע אויגען שטעהט ער פיעל העכער אלס איך!

**חמוטיל.**

וואס? וואס פלוידערסטו? האסטו דען פערגעסען ווער דו ביזט און ווער ער איז? דו איינע פרינצעסען, און ער! וואס איז ער? בלוים איין איינפאכער מענש אוים דעם פאלק!..

**הדסה.**

בלוים איין איינפאכער מענש אוים דעם פאלק! און וואס בין איך דען אלס פרינצעסען? קען איך דען דאדורך איין צוויי פאכער מענש זיין; פון ווען האט דאס פאטערלאנד מעהר נוצען געהאט? ווער האט דאס פאלק מעהר געלייסטעט? איך, דאמיט וואס איך בין דעם קעניג צדקיהו׳ס טאכטער? אדער ער, דאמיט וואס ער האט מיט זיינען שווערד זא פיעל מאהל דאס פאלק בעפרייעט פון פערשידענע פיינדע?

**חמוטיל.**

דומהייטען! אונזין! וואס קימערט מיך וואס ער האט פאר׳ן פאלק געטהון. ווער עס שטאמט ניט פון קעניגליכע פאמיליע, דער איז גאר נישט!

**הדסה.**

גאר קיין מענש ניט?!

**חמוטיל.**

אה מיין ליעבעס קינד, ווען ווערסטו ענדליך קאממען צור איבערציינגונג דאס די הויפט ראללע שפיעלט דער קעניג אונד מיר אלע, וועלכע האבען קעניגליכעס בלוט, אבער דאס פאלק... הם... דאס איז בלויז א נעבען זאכע!..

**הדסה.**

אה מיינע ליעבע גראסמוטטער! ווען ווערסטו ענדליך קאממען צו דער איבערציינגונג דאס אלעס, וואס דו האסט דא געשפראכען איזט ניט זא?



**חמוטיל.**

וואס?! האבען מיינע אויערען רעכט געהערט? דו, דעם קעניגס טאכטער, זאגסט עס?

**הדסה.**

איך, דעם קעניגס טאכטער, זאג עס!

**חמוטיל.** (ברעכט די הענד)

וועה צו מיינע אלטע יאהרען! וואס האב איך ערלעבט צו הערען? וואס זאגסטו? וואס פלוידערסטו? ניין מיין הדסה, דו ביזט פערפיהרט! אונד שולדיג אין דעם איז נור יענער קנעכט גדליהו, אוים! איך האב מיט דיר מעהר נישט וואס צו רייד[ע]ן, דו ביזט פערפיהרט! דו ביזט פערפיהרט! (אב)

**הדסה.**

ווי וועה אונד ביטער איז ווען מאן מוז זיך בעקלאגען אויף זאלכע פערזאנען, וועלכע די פפליכט הייסט ליעבען אונד רעספעקטירען, דיעזע אלטע, זי איז זא וויים פערנארט אין איהר יחום, דאס זי בעטראכטעט זיך פאר דער וויכטיגסטער פערזאן אויף גאטעס ערד און אלע אנדערע מענשען זענען בלויז פאר איהר בעשאפען, אך גדליהו! דו עדלער העלד! וואס האט דיר גענוצט דאס דו האסט פאר דיינע ברידער זא פיעל מאל דיין בלוט פערגאסען? וואס וואר דער לאהן פאר דיינע העלדענטהאטען? איינע גרויזאמע בעהאנדלונג פון דיינעם קעניג? 3 יאהר זענען שוין פאריבער זייט יענעם שרעקליכען טאג, אבער מיין שמערץ איז נאך היינט עבען זא גרוים ווי דאמאלס... ניין, גדליהו, איך ווערדע דיך ניט פערגעסען, ביז מיין לעצטען אויגענבליק.— דיין נאמען בלייבט ביי מיר איין הייליגטהום, און ווען איך וועל ברעכען מיין שבועה צו דיר, זאל מיין הערץ פריהער ברעכען!

(אויפטריט צפניה).

**צפניה.**

אה ניין פרינצעסען בעהיטע גאט, דיין הערץ איזט צו עדעל, צו גוט, עס זאל ניט ברעכען, עס דארף ניט ברעכען (הוסט).

**הדסה.**

ווער ביזטו?

**צפניה.** (שטעהט מיליטעריש)

פרינצעסין! דערקענסטו ניט דעם אלטען אויסגעדיענטען סאלדאט?

**הדסה.**

צפניה ?!!!

**צפניה.**

ריכטיג, מיינע גוטע פרינצעסין איך בין עס דער אלטער צפניה איינער פון גדליהו'ס טריישטע דינער, איינער וואס איך וואלט געגעבען מיין גרויען קאפף אבצושניידען, פאר גדליהו'ס מינדעסטען פינגער, איינער וואס איך...

**הדסה.**

ש, ש... גענוג מיין ליבער אלטער, דו רעגסט דיך צופיעל אויף! ערצעהלע מיר וועגען וואס ביזטו געקאמען אהער?

**צפניה.**

איך בין א שליח פרינצעסין, איך האב דיר געבראכט איינע גוטע פרעהליכע נאכריכט דאס דיין גדליהו, דאס הייסט מיין גדליהו, איך מיין אונזער גדליהו...

**הדסה.**

נון וואס? וואס גדליהו?

**צפניה.**

גדליהו לעבט און איז פריי.

**הדסה.**

וואס זאגסטו?!

**צפניה.**

יא ער לעבט אונד איז פריי.

**הדסה.**

פריי?! וואו? וואו איז ער?!!

(אויפטריט גדליהו).

**גדליה.**

הער ביי דיינע פיעס, קניע איך!

**הדסה.**

גדליהו!!!

**גדליה.**

הדסה!!! (אומארמונג)



**הדסה.**

מיין גדליהו! דו לעבסט אונד דו ביזט ווידער נעבען מיר!!

**גדליה.**

הימלישע הדסה, דו ליעבסט מיך נאך ווי פריהער?

**הדסה.**

האסטו דען דאראן געצווייפעלט? (אומארמונג)

**צפניה.**

צפניה, מיין ליבער אלטישקער! דו הערסט פון וואס דא ווערט געשפראכען? פערשטעהע אליין וואס דו האסט צו טהוען, (קאמאנדירט) האבט אכט, רעכט אום! מארשירען, מארש! אט-אט (אב).

**גדליהו.**

טהייערע הדסה! דו האסט געליטען, איך זעה עס, דיין שענעס געזיכט איז איבערגעצויגען מיט טרויער, יא, פערגעסען וויל איך וואס איך האב דורך דיין פאטער געליטען, ווייל איך האב יעצט ווידער די ליעבע פון זיין הימלישער טאכטער!!

**הדסה.**

ביז מיין טוידט!! יא גדליהו, וועהרענד דער גאנצער צייט, בשעת דו ביזט ניט דא נעבען מיר געוועזען האט מיך דיין בליק קיין אויגען-בליק פערלאזען, וואכענד ווי אויך אין טרוים, האבען אימער דיינע ליעבע אויגען אריינגעבליקט צו מיר אין מיין פערוואונדעט הערץ, אבער דער-צעהל מיר גדליהו, ווי אזוי האט דיך נבוכדנצר פריי געלאזט?

**גדליהו.**

דער בארמהערציגער גאט האט דאס הערץ פון דעם באבילאנישען קעניג נבוכדנצר ערפיהלט מיט מיטלייד אונד נגארע און ער האט מיך בע-פרייט, בין איך אהער געקאמען אום מיט דיין פאטער צו שפרעכען.

**הדסה.**

מיט מיין פאטער?!!

**גדליהו.**

יא, איך מוז איהם איבערצייגען, וועלכע שרעקליכע געפאהר עס שוועבט איבער זיין קאפף אונד איבער אונזער גאנצע נאציאן, ער מוז שנעל עפענען די טהויערען פון ירושלים זיך ווארפען פאר די פיעסע פון נבוכדנצר אונד זיך איהם ביטען אויף גנאדע. דאס איז דאס איינציגע

מיטעל, דיעזעס גרויסע אומגליק צו פֿערהיטען.

### הדסה.

אָה גדליהו! ווי שנעל דו האָסט פֿערגעסען מײַן פֿאָטערס איבער־נאַטירליכען עהרגײַץ!

### גדליהו.

עהרגײַץ?! ווען עס האַנדעלט זיך אײַנע גאַנצע נאַציאָן פֿון אונ־טערגאַנג צו רעטען רעדעסט דו פֿון עהר־גײַץ?

### הדסה.

דער הײליגער נביא ירמיהו האָט שוין דארויף געגוג טרעהרען פֿער־גאָסען, אָבער מײַן פֿאָטער אונד די שלעכטע בײזע ראַטהגעבער האָבען איהם אויסגעלאַכט אונד פֿערשפּאָטעט, אָה גדליהו! דו האָסט דײַן לעבען אומזיסט געוואַגט, אנשטאַט דו זאָלסט עפּעס וואָס אויס־ווירקען ווערסטו נאָך בעהיטע גאָט דײַן לעבען פֿערליערען, דו מוזט פֿאָרט! רעט זיך שנעל! בעפֿאָר יעמאַנד ווירד דיך דאָ דערקאָנען. רעטע דײַן טהײַערעס לעבען, מײַן גדליהו, רעטע דיך!

### גדליהו.

וואָס זאָגסטו הדסה? איך זאָל מיך רעטען?! דענקסטו דאָס נאָך דעם ציונ׳ס ליכט ווערט זײַן פֿערלאָשען וועל איך נאָך זעהען די ליכטיגע וועלט?! נײן, דאָ צוזאַמען מיט דעם בלוט פֿון מײַנע ברידער זאָל אויך מײַן בלוט רינען, אײדער צו לעבען ווי אײן פֿירסט אויף פֿרעמדע ערד איז מיר ליעבער צו שטערבען אויף די ערד פֿון מײַן הײליגעס פֿאַטערלאַנד!!

### הדסה.

אונד הדסה צוזאַמען מיט איהר אויסערוועהלטען איהרעס הערצענס. קײן זאַך זאָל אונז מעהר ניט שײדען, ניכט אײן מאָהל דער טוידט.

(אומאַרמען זיך, זינגען דועט).

### הדסה.

איך שווער בײַ דעם אַלמעכטיגען גאָט
אַז הײליג בלײַבט מיר דײַן געבאָט
איך בלײַב דיר אַ קנעכט אַ געטרײַער
און פֿאַר דיר לויף איך אין פֿײַער,
איך וועל ניט בלײַבען רוהיג און שטיל
ביז איך וועל ערדרײַכען אונזער ציעל
אויף מײַנע יאָהרען מײַן גאַנץ לעבען
איז נאָר פֿיר דײַן בעפֿעהל איבערגעגעבען



### גדליהו.

און איך שוועהר בײַ דעם גרויסען גאָט
אַז איך בלײַב דיר טרײַ ביז אין מײַן טויט
אונז צו שײדען איז ניעמאַנד אימשטאַנד
נאָר גאָט אַלײן מיט זײַן שטאַרקע האַנד
געדולדיג וועל איך ערוואַרטען די צײַט
ביז איך וועל בעזיעגען דעם פֿײַנד
צוליעב דיר מײַן ענגעל מײַן גאַנץ לעבען
טראָג איך אַלעס געפֿאַהר ערגעבען.

### דועט.

גאָט זאָל אונזער שבועה דערהערען
און זאָל זײַן אָמן זאָגען דערבײַ
קײן זאַך זאָל אונזער פּלאַן ניט שטערען
מיר בלײַבען זיך עוויג טרײַ. (אומאַרמונג)

(חמוטיל ערשיינט),

### חמוטיל.

אָה וועה! וואָס זעהען מײַנע אויגען?

### הדסה.

סײַן גראָסמוטער!

### גדליהו.

קעניגין!

### חמוטיל.

וועק פֿון מיר, דו פֿאַלשער קנעכט, דו שענדליכער פֿעררעטער! ווי האָסטו געוואַגט? וואַכע! וואַכע!

(אויפטריט סאָלדאַטען).

### אלע.

אָה וואָס זעהען מיר, זאָלען מיר גלויבען וואָס אונזערע אויגען זעהען, גדליהו בן אחיקם צוריק, וואָס פֿאַר אַ וואונדער איז מיט איהם געשעהן.

(אויפטריט צדקיהו).

### צדקיהו.

נידערטרעכטיגער שקלאַוו! ווי האָסטו יעצט געוואַגט? אויב דו ווילסט ווענינגסטענס מיט אַ לײַכטען טוידט שטערבען, געשטעה די וואַהרהײַט מיר, וואָס האָט דיך הער געבראַכט, זאָגע אַרויס! זאָגסט וועהע דיר!

## גדליהו.

פֿערצײַהע מיר קעניג וואָס איך האָב געוואַגט.
דיר צו ערשײַנען נעגען דײַן פֿעראַכט!
געטריבען האָט מיך הער צו מײַן פֿאַטערלאַנד די שרעקליכע נויטה.
איך קום פֿון פֿײַנדליכען לאַגער פֿון נבוכדנצר, אָה שטאַרק איז זײַנע מאַכט.
(כאָר). פֿערלוירען מײַן קעניג אַיזט יעדע האָפֿנונג
פֿערשפּיעלט האָסטו די שלאַכט
צערשמעטערט צערבראָכען ביז צו דער ערדע
פֿערניכטען ווירד אונז אַלע די כאַלדעאישע שווערד
(שטורם הינטער די קוליסען).

## אלע. (ערשראָקען)

הערט! וואָס זאָל דאָס בעדײַטען?

## צדקיהו.

אײַן יובל געשרײַ פֿון אונזערע העלדען די העבּרעער.

## גדליהו.

אָה נײַן עס זינד אונזערע פֿײַנדע די כאַלדעער

## ירמיהו. (ווילד אַריין)

געפֿאַלען איז ירושלים, פֿון פֿלאַמען פֿײַער פֿערברענט,
פֿערניכטעט ווערען ציונס קינדער, פֿערצעהרט, פֿון נבוכדנצר׳ס שאַרפֿע שווערד.

## אלע.

אָה וועה איז אונז! וואָס הערען מיר?

## צדקיהו.

גרײַפֿט אַלע צום שווערד געשווינד.

## אלע. (ווילען ציהען די שווערדען)

געשווינד! געשווינד!

## ירמיהו.

אומזאָנסט! זעהט אונזער חורבן, זעהט.

## אלע. (פֿאַלען)

וועה איז אונז וועה!

(עס צייגט זיך אַ בילד פֿון חורבן ירושלים).

## פֿאָרהאַנג.



# צווייטער אַקט.

(די ביהנע שטעלט־פֿאָר אַ גאָרטען רעכטס פֿון גדליהו׳ס הויז).

## כאָר.

(זינגט) נור מוטה געפֿאַסט, די האָפֿנונג ניט פֿערליערען,
אָה, ברודער, גאָט פֿערלאַסט אונז ניט, ער שיקט אונז זײַנע הילפֿע ווידער.
גדליהו בן אחיקם, גאָט זעגנע איהם מיט גליק,
אונזער העלד, אונזער רעטער איז ווידער בײַ אונז צוריק,
אונזערע פֿײַנדע, די עמונים, האָט ער געמאַכט צו שאַנד אונד צו שפּאָט,
גדליהו אונזער העלד! אונזער העלד! זאָל לעבען לאַנג! הידד!!

## ירמיהו. (פֿון דרויסען).

נפלה עטרת ראשנו, אוי נא לנו כי חטאנו.

## אלע.

הערט, הערט דאָרט איז ירמיהו! (אַלע געהען אַנטקעגען).

## ירמיהו.

נײַן, אומזאָנסט שטרענגע איך מיר אָן מײַנע אויגען, איך קאָן ניט זעהען. די טויזענדער ביטערע טרעהרען, וואָס איך האָב פֿערגאָסען איבער דאָס אונגליק פֿון מײַן פֿאָלק, האָבען מיך בײַנאַהע אונגליקליך געמאַכט, זאָגט מיר גוטע מענשען וואו בין איך? בײַ וועם? בין איך צווישען מײַנע ברידער?

## צפניה.

יאָ, הײַליגער פּראָפֿעהט, היער ביזטו אויף דעם באַרג מצפה צווישען דעם פֿאָלק ישראל.

## ירמיהו.

דיזע שטימע איז מיר ניט פֿרעמד, ווער רעדט עס צו מיר?

## צפניה.

געטליכער מאַן! ערקענסטו דען ניט מעהר דיין אַלטען סאָלדאַט, צפניה?

## ירמיהו.

ליעבער גוטער אַלטער פריינד, דו ביזט עס! (אומאַרמונג). אויך דו ביזט נאָך צווישען די לעבעדיגע, וואָס דער באַרמהערציגער גאָט האָט צוריק געלאָזען, נאָך דעם גרויסען חורבן? אונד דיינע איבריגע 3 ברידער לעבען דאָ נאָך?

## אלע 3.

יאָ, הייליגער פראָפעהט, אויך מיר לעבען.

## ירמיהו. (אומאַרמט זיי).

אַזוי בין איך צווישען לויטער גוטע פריינד, גוטער גאָט, איך דאַנק דיר פאַר דיזען טרייסט.

## צפניה.

דו קומסט פון ירושלים? וואָס טהוט זיך יעצט דאָרט? ווי מוז עס יעצט אויסזעהען?

## ירמיהו.

ירושלים (וויינט), אונגליקליך ירושלים! איך האָב דיין גרויסען חורבן פאָראויס געזעהען, דאָס בית המקדש, דער קדשי קדשים, איז פערברענט, צעשטערט ביז צום גרונד, דער באַרג ציון, די גאַסען פון ירושלים זענען פערפלייצט פון טוידטע קערפער, וועלכע דאָס פיינדליכע שווערד האָט געשלאַכטעט, די ערד איז ניט גרויס גענוג, אום אַלע טויטע קערפער צו עמפפאַנגען; דאָרט אויף די אַרמען פון זיין יונגען זוהן ליגט דער אַלטער פאָטער, די פרוי איבער דעם קערפער פון איהר מאַן, דאָס זייגעדיגע קינד אויף דער ברוסט פון זיין מוטער, צושטאָכען, צושניטען, צער-טרעטען, אָה, פליסט מיינע טרעהרען! רינט אונד הערט ניט אויף... אונגליקליך איז בת ציון!

## צפניה.

הייליגער פראָפעהט! זאָלען מיר יעצט האָפען, דאָס אונזער פרומער העלד גדליהו איז דער גוטער שליח פון גאָט און דורך זיין האַנד וועלען מיר ווידער געהאָלפען ווערען?

## ירמיהו.

גדליהו?! פיהרט מיך צו איהם, איך וויל איהם זעהען.



## צפניה.

ער איז יעצט ניט היער, אָבער, מיר ערוואַרטען איהם יעדען אויגענ-בליק אַלס זיעגער.

## ירמיהו.

זיעגער?

## צפניה.

געוויס, האָסטו ניט געהערט פון דעם גרויסען געיעג, וואָס ער האָט געמאַכט באַלד נאָך ישראל'ס פאַלען, זעה דעם פאַראַד, וואָס מיר האָבען איהם צו עהרע געמאַכט.

## ירמיהו.

וואָס פאַר אַ זיעג? וועלכען פיינד האָט ער בעזיעגט?

## צפניה.

די בני עמון. בעלים, דער קעניג פון עמון האָט געוואָלט נוצען די צייט פון אונזער אונגליק, אָבער גדליהו, אונזער עדעלער בעשיצער האָט ערהערט דאָס געשריי פון זיינע שוואַכע ברידער אונד שנעל ווי איין שטורם איז ער מיט זיינע לייט אַרויפגעפאַלען אויף די מערדערישע באַנדע פון די עמונים, דעם גרעסטען טהייל פון זיי האָט ער טוידט צו דער ערדע נידערגעשמעטערט, די איבריגע האָט ער צוטריבען, יאָ הייליגער פראָפעהט, דאָס פאָלק ישראל הייבט שוין ווידער זיין קאָפּ אויף, נאָך האָט ער זיינע ביינער ניט אויסגעגליכען פון דעם גרויסען שלאַג, וואָס ער האָט ערשט בעקומען אונד שוין פייערט ער הייטע זיין ערשטען זיעג!

## ירמיהו.

עמון! זיי פערפלוכטעט פון גאָט! ווייל ישראל איז ביז צו דער ערדע געפאַלען, שטרעקסטו אויס דיין שווערד געגען זיינע פערוואונדעטע ברוסט? ווייל ישראל ריהרט זיך ניט, האַלטסט דו איהם שוין פאַר טוידט אונד ווילסט זיין טוידטען קערפער אויף שטיקער צערייסען? אָה, ניין! ישראל איז נאָך ניט טוידט, פערוואונדעט איז ער, נור הערט איהר, דאָס זיין פאָטער אין הימעל האָט איהם נור געשלאָגען אָבער ניט געטיידעט, מיין יעקב לעבט און ווירד לעבען, זאָ שפריכט דיין גאָט! דיין הערר!

## אלע.

הייליגער מאַן! (קושען איהם).

## ירמיהו (זינגט).

פערגיעסט נישט מעהר קיין טרעהרען,
פערגיעסט נישט קיין געוויין,

דײַן װײנען און דײַן קלאָגען האָט ער דערהערט אַצינד.
ער װעט אונז שוין נִיט שטראָפען מעהר,
יאַ. נִיט שטראָפען מעהר
זײַן יעקב, זײַן געליִבטעס פאָלק. (כאָר בּים).
(מען הערט אַ טראָמפּעטען שאַל).

### צפניה.

אונזער העלד גדליהו איִז שוין נִיט װײַט, נור מוטה געפאַסט!
כאָר פאַנגט אָן זינגען.

(כאָר) נור מוטה געפאַסט.

דיִ האָפנונג נִיט פערליִרען, אָה ברודער גאָט פערלאָזט אונז נִיט.

ער שיִקט אונז זײַן היִלף װיִדער, גדליהו אונזער העלד זאָל לעבען לאַנג! לעבען לאַנג! הֵידָד! הֵידָד! (אַלע אָב).

אויפטריט ישמאל געפענטעט.

### ישמעאל.

ענדליִך איִז מיִר געלונגען פון זײערע הענד צו ענטריִנען, יעצט בּיִן איִך פון זײערע אויגען פערשװאונדען, זײ זעהען מיִך שוין נִיט מעהר! אַך װיִ מיִעד איִך בּיִן פון דעם פּיִלען לױפען! פערפלוכטע כאַלדעער! געפאַנגען האָט איִהר מיִך, נאָך בבל האָט איִהר מיִך געװאָלט שלעפּען צוזאַמען מיִט דעם אונגליִקליִכען צדקיהו! אָה נײַן נבוכדנצר! דו װיִלדער טיִראַן! זאָ אײַן טריִאומפף זאָלסטו נִיט דערלעבען, ישמאל איִז װיִדער פרײַ און לאַכט פון דיִר. (שטימען אונטער קוליסען).

### שטימען.

דאָרט מיִט יענעם װעג.

### ישמעאל.

װאָס איִז דאָס? אָה מײַנע פערפאָלגער, דיִ כאַלדעער, זײ יאָגען מיִך נאָך, זײ קאָמען היִער הער! װעה װאָס זאָל איִך יעצט טהוען? װײַטער לױפען קען איִך נִיט מעהר, איִך בּיִן צו מיִעד (רייסט די קייטען), נײַן אונמעגליִך, זײ זענען שוין גאַנץ נאַהע. איִך מוס מיִך איִרגענד װיִ פערשטעקען, אָבער װאו? איִן דיִעזעם הויז פּיִלײַכט? נאָר זײ װערדען מיִך היִער געװיִס זוכען, אָה אויף דיִעזעם בּוים (אַב).

### שראצר. (מיט כאלדעאישע סאָלדאַטען),

היִער הער, מיִט דיִעזען װעג איִז ער געלאָפען, דאָ איִז ער פלוצליִנג פון אונזערע אויגען פערשװאונדען, ער ליִגט געװיִס ערגעץ-װאו פערשטעקט (זוכט איבעראלל).



### צפניה.

זעהט איִהר, מײַנע בּריִדער, האָב איִך אײַך געזאָגט, דאָס איִך האָב בּעמערקט פון װײַטען כאַלדעאיִשע סאָלדאַטען לױפען אַהער! מיִר מוזען זיִך ערקונדיִגען.

### שראצר.

הע קומט נור... איִך בּיִן שַׂרְאֶצֶר, אײַן כאַלדעאיִשער קאָמענדאַנט. אונד איִן נאַמען זײַנער מאַיעסטעט אונזערעס גרויסען הערשער נבוכדנצר פערלאַנגע איִך פון אײַך איִהר זאָלט מיִר אויף אַלעם ענטפערן, אָבער נור דיִ װאַהרהײַט! איִהר הערט?

### אלע 4.

צום בּעפעהל הער קאָמענדאַנט יאָ (מיליטעריש).

### שראצר.

זאָ זאָגט מיִר װאו ליִגט ישמאל בן נתניה פערשטעקט?

### אלע 4.

ישמאל?!

### שראצר.

יאָ, דער פּריִנץ פון אײַער געװעזענעם קעניִג צדקיהו'ס פאַמיִליע. מיִר האָבען איִהם געפאַנגען צוזאַמען מיִט צדקיהו, שוין זענען מיִר אויף דעם װעג דמשק אום דיִ געפאַנגענע היִער צו פיִהרען, האָט זיִך ישמאל אַרויסגעריִסען, מיִר האָבען איִהם פערפאָלגט בּיִז אַהער, אָבער אויף דיִעזען פּלאַץ איִז ער פּלוצליִנג פון אונזערע אויגען פערשװאונדען, איִך בּיִן איִבערצײַגט, דאָס ער איִז נִיט װײַטער געלאָפען; זאָנדערן ער האָט זיִך דאָ ערגעץ װאו פערשטעקט, יעצט זאָגט מיִר, האָט איִהר איִהם װאו געזעהען?

### אלע 4.

צום בּעפעהל הער קאָמענדאַנט, נײַן.

### שראצר.

װײסט איִהר נִיט װאו ער ליִגט פערשטעקט?

### אלע 4.

צום בּעפעהל הער קאָמענדאַנט, נײַן.

### שראצר.

זאָגט איִהר דיִ װאַהרהײַט?

### אלע 4.

צום בּעפעהל הער קאָמענדאַנט, יאָ!

**שראצר.**

וועֶר זײַט אִיהר ?

**צפניה.**

4 בּרִידעֶר ! צפניה , חנניה , אליקום , תנחומות . אַלטעֶ אויס־געֶדִינטעֶ העֶברעֶאִישעֶ סאָלדאַטעֶן . אונזעֶר געֶוועֶזעֶנעֶר גדליהו , געֶטרײַעֶ וועֶכטעֶר !

**שראצר.**

געֶהעֶרט דִיעזעֶס הויז צום גובעֶרנאַטאָר גדליהו ?

**אלע 4.**

צום בּעֶפעֶהל העֶר קאָמעֶנדאַנט, יאָ.

**שראצר.**

אַלזאָ, גובעֶרנאַטאָר גדליהו , וועֶט מיר פעֶרצײַהעֶן, דאָס איך בִּין געֶ־צוואונגעֶן אִין זײַן הויז אײַן אונטעֶרזוך צו מאַכעֶן.

**אלע 4.**

צום בּעֶפעֶהל העֶר קאָמעֶנדאַנט. (שראֶצר אָב).

**צפניה.**

וועֶרעֶן זאָלסטו דִי כפרה העֶר קאָמעֶנדאַנט, העֶרסט אַ פרעֶכהײַט, מִיט וואָס פאַר אײַן רעֶכט קומט אַזאַ כאַלדעֶאִישעֶר מעֶנש אִין דעֶם הויז פון אונזעֶר עֶדלעֶן גדליהו ?

**חנניה.**

דו העֶרסט דאָך , עֶס אִיז אִיהם פעֶרלוירעֶן געֶגאַנגעֶן אײַן שאַץ.

**אליקום.**

דעֶר געֶפאַנגעֶנעֶר פרִינץ ישמאל.

**תנחומות.**

אָבעֶר ווִי קומט עֶר דאָ אַהעֶר ?

**ישמעאל.**

פסט ... פסט ...

**צפניה.**

שש ... העֶרט נור.

**ישמעאל.**

צפניה !



**צפניה.**

וועֶר רופט עֶס מײַן נאָמעֶן, איך האָב מוראָ אויב דאָס אִיז נִיט קײַן בת־קול.

**ישמעאל.**

וואָס מאַכט אִיהר אײַך נאַרִיש אִיהר אַלטעֶ פעֶרד.

**אלע.**

אַלטעֶ פעֶרד !

**ישמעאל.**

קומט נעֶהנטעֶר צום בּוים.

**צפניה.**

צום בּוים, נו קומט (בּלײַבּעֶן שטעהן) נון וואָס שרעֶקט אִיהר אײַך, קומט מִיט מִיר (געהן) רײַד דו בת־קול פון בּוים, בּיזטו אַ רײַנעֶ זאָך בּעֶווײַז דיִך ווען נִיט זאָלסטו שוין פעֶרשוואונדעֶן וועֶרעֶן.

**ישמעאל.**

שש... מאַכט קײַן ליאַרם, אִיך בִּין עֶס, ישמעאל.

**אלע.**

ישמעאל ? ? !!

**ישמעאל.**

שטִיל, רעֶדט נִיט אויס מײַן נאָמעֶן, אִיך האָב מִיך פעֶרשטעֶקט פון דִי כאַלדעֶעֶר.

**צפניה.**

דאָס האָסטו אונז געֶקרײַנט מִיטִ'ן נאָמעֶן אלטעֶ פעֶרד.

**ישמעאל.**

פעֶרצײַהעֶט מִיר מײַנעֶ פרײַנד, אִיך בִּין נעֶרוועֶז ! קראַנק ! אִיך ווײַס נִיט וואָס אִיך רײַד פון שמעֶרצעֶן, אִיך בּעֶט אײַך רעֶטעֶט מִיר מײַן לעֶבּעֶן, ווען דִי כאַלדעֶעֶר קומעֶן ווידעֶר צורִיק, גִיבּט אײַך אַלעֶ מִיהעֶ דאָס זײַ זאָלעֶן מִיך נִיט מעֶהר זוכעֶן אִין דִיעזעֶר געֶגעֶנד, אִיהר זאָלט זײַ אײַנרעֶדעֶן דאָס אִיך בִּין ווײַטעֶר געֶלאָפּעֶן, רעֶטעֶט מִיך, דעֶן מײַן לעֶבּעֶן אִיז אִין געֶפאַהר ווען אִיך עֶנדעֶקט ווערדעֶ דאַן בִּין אִיך פעֶרלוירעֶן, אונד מײַן בּלוט וועֶט פאַלעֶן אויף אײַעֶרעֶ קעֶפּ.

**צפניה.**

אויף אונזעֶרעֶ קעֶפּ ? וואָס זאָגט אִיהר אויף אַזאַ אָנשִיקעֶנִיש ? ש... מען קומט (ישמעאל אנטלויפט).

**שראצר.**

אומזאָנסט! דאָרט איז ער ניט דאָ, אָבער דאָך וואו איז ער פערשוואונדען?

**צפניה.**

הער קאָמענדאַנט! מײַנע מײַנונג ווערע... איך דענקע...

**שראצר.**

וואַס?

**צפניה.**

צו בעפֿעהל הערר קאָמענדאַנט!

**שראצר.**

אַלזאָ וואָס גלויבסטו?

**צפניה.**

איך גלויב דאָס דו וועסט איהם אין דיזער געגענד ניט געפֿינען איך דענק דאָס סאיז בעסער זאָלסט איהם זוכען דאָרט צווישען די געבירגע, דאָרט פֿערשטעקען זיך געוועהנליך די אַנטלאָפֿענע.

**שראצר.**

דו האָסט רעכט, אָה דער מוז מיר צוריק אין מײַנע הענד אַרײַנפֿאַלען — אַלזאָ פֿאָרווערטס! מאַרש! (אָב)

**צפניה.**

געה זוך דעם נעכטיגען טאָג! חאַ חאַ חאַ (אַלע לאַפֿען).

**ישמעאל.**

איך דאַנקע אײַך מײַנע פֿרײַנדע! אַך ווי מיעד איך בין!

**צפניה.**

דענקסט היער צו בלײַבען אין גדליהו׳ס הויז — און דיך אויסרוהען ביז גדליהו וועט קומען.

**ישמעאל.**

וואו איז דען יעצט גדליהו?

**צפניה.**

מיר ערוואַרטען איהם יעדען אויגענבליק, מיר וועלען איהם עמפּפֿאַנגען מיט דער שענסטע פּאַראַדע פֿאַר זײַן גרויסען זיעג איבער די עמונים.

**ישמעאל.**

וואָס הער איך?



**צפניה.**

געוויס די מערדערישע באַנדע פֿון עמונים פֿלעגען אונז יעדעס מאָל איבערפֿאַלען, אָבער אונזער גובערנאַטאָר גדליהו האָט זיך מיט זיי שעהן אָבגערעכנט.

**ישמעאל.** (פֿאַר זיך)

די עמונים פֿון וועלכע איך ערוואַרטע הילפֿע, האָט גדליהו געשלאָגען?

**צפניה.**

אַלזאָ מײַנע ברידער מיר געהן, עס איז שוין די העכסטע צײַט.

**ישמעאל.**

אײַן אויגענבליק מײַנע פֿרײַנדע, העלפֿט מיר זיך בעפֿרײַען פֿון די קעטען (פּראָבירען רײַסען). אַך לאָזט מיך! (פֿאַלען) איהר טוט אומזאָנסט מיר וועה, אַך פֿערפֿלוכטער נבוכדנצר!

**צפניה.**

נבוכדנאצר האָט איהם שוין געפֿענטעט אין קײטעלעך.

**ישמעאל.**

איהר קענט שוין געהן מײַנע פֿרײַנדע איך וועל מיך שוין אויסרוהען אין גדליהו׳ס הויז.

**צפניה.**

דו קאָנסט דאָ זיכער בלײַבען, גדליהו וועט דיך געוויס אונטער זײַן שוטץ נעהמען, קומט מײַנע ברידער. האָבט אַכט, רעכט אום, מאַרשירען מאַרש אָט-אָט (אָב).

**ישמעאל.**

גדליהו וועט מיך אונטער זײַן שוטץ נעהמען, אַלזאָ דאַרויף בין איך איבער געקומען, האָב איך צוליעב דעם מײַן פֿאַטערלאַנד צו זאָ אײַנער לאַנגע געבראַכט אום צו לעבען ווי אײַן בעטלער פֿון גדליהו׳ס גנאַדע? אָה נײַן! צדקיהו׳ס ענדע וואַר שרעקליך, זײַנע קינדער האָט דער פֿײַנד פֿאַר זײַנע אויגען געשלאַכטעט, איהם אַלײַן בלינד געמאַכט און אוועק געשיקט נאָך בבל אלס געפֿאַנגענער, און דאָס אַלעס האָט ער מיר צו פֿערדאַנקען, ווײַל ער האָט בײַ מיר מײַן רעכט אַוועק גערויבט, אַלזאָ גדליהו נעם דיר אויך אײַן אַכט אויב דו ווילסט זײַן רוהיג, מיר וועלען זעהען, מיר פּראָפּעצײַהעט מײַן האַרץ דאָס איך וועל באַלד—זעהר באַלד דען טראָהן פֿאָן יהודה בעשטײַגען, יאָה איך פֿיהל מיך יעצט נײַ בעלעבט פֿון פֿרישען מוטה אונד קראַפֿט, יעדעס טראָפּען בלוט אין מײַנע אָדערען רופֿט נאָך דער קעניגליכער קרוינע, דיזע קראַפֿט פֿיהל איך מיך יעצט ווידער

אלזא גוט, דער יעצטיגער מאמענט זאל בעשיידען, ווערדע איך אימשטאנדע זיין מיך יעצט פאן דיזע קעטען צו בעפרייען איז א צייכען דאס איך ווערדע באלד מיין ציעל עררייכען, אלזא מוטה, דו מיין גליק שטערען שטעה מיר ביי. (מוזיק שפיעלט נאך פיעל ארבייט צורייסט ער די קעטען) ווינשע דיר גליק קעניג פון יהודה! (אב)

ארקעסטער מארש.

(צערעמאניע בעגינט ביז פארהאנג פאלט).

פארהאנג.

---

# דריטער אקט.

(גדליהו'ס רייכער סאלאן).

(כאר) מיר מעגען טרינקען זיין נור פריילך.
גדליהו אונזער רעטער איז דאך אונזער העלד,
ביי זיין נאמען מוזען מיר שווערען
פערניכטען צו שטערען, פערניכטען צו שטערען,
פערניכטען צו שטערען, צו שטערען האך לעבע גדליהו! (אב)

(אויפטריט ישמעאל).

בראווא, גדליהו! בראווא! דו האסט דיך שעהן ארויפגעארבייט, יעצט פעהלט דיר נאך די קראהנע און דו ביזט א גאנצער קעניג, נון אונד איך דער פרינץ ישמעאל, דער נאכפאלגער פון צדקיהו, איך בין ביי איהם איין איינגעבעטענער גאסט, איך זאל לעבען אונטער זיין שוטץ, ניין מיין ליעבער גדליהו! ער קען וויטער ניט זא געהן, איך האבע מיין רעכט אויף די קראהנע נאך ניט אויפגעגעבען, אונד ווען דער פיינד גלויבט דאס ער האט דעם טראהן פון יהודה צושטערט, וועל איך איין נייען טראהן אויפבויען, קעניג מוז איך זיין, זא לאנג אין דיזען קערפער נאך איינע זעעלע פערהאנדען איז, דאס פאלק העננגט אן דיר גדליה העסטא בעסער, דעסטא לייכטער וועט פאר דיר זיין דו זאלסט מיר העלפען פון טראהן בעשטייגען, יא דאס איז דיינע פפליכט! ווילסטו אבער ניט געהארכען, דאן וועה דיר, עפנע דיינע אויגען גדליהו, דו האסט אין דיין הויז א געפעהרליכע שלאנג אריין גענומען!!

(אויפטריט גדליהו).

## ישמעאל.

לאז דיך אומארמען מיין ליעבסטער מיין טרייעסטער פריינד, איך



גריסע דיך מיין העלד צו דיינעם שיינעם זיעג, ווינשע דיר גליק!

## גדליהו.

איך דאנקע דיר מיין פרינץ, אונד איך אין מיינער זייט ווינשע אויך דיר גליק צו דיינער רעטונג, איך האפע ביי נבוכדנצר אויס צוווירקען דיינע בעפרייאונג.

## ישמעאל.

איך דאנק דיר מיין גדליהו, איך וויים דו בעזיצט איין עדלעס הערץ אונד דארום האפע איך פיעל אויף דיינע גערעכטיגקייט.

## גדליהו.

וואס מיינסטו דאמיט מיין פרינץ?

## ישמעאל.

גדליהו! דו רופסט מיך נאך יעצט פרינץ, דאס איז נישט רעכט, יעצט בין איך ניט קיין פרינץ זאנדערן קעניג (מאכט מימיק), יא מיין גדליהו איך בין קעניג אונד מוז עס זיין, איינמאהל האט מען ביי מיר מיין רעכט אוועקגערויבט, אנשטאט מיר האט מען צדקיהו געזעצט אויף מיין טראהן, יעצט אבער ווען צדקיהו איז געפאלען בין איך זיין נאכפאלגער, יעצט געהערט דער טראהן מיך, יא מיך!!

## גדליהו.

אבער מיין פרינץ איך פערשטעה דיך ניט, דו רעדסט יעצט פון א טראהן, ווערענד ציון איז פערברענט און דער טראהן איז צושטערט.

## ישמעאל.

דער טראהן דער בין איך, וואו איך בין דארט איז דער טראהן דען טראהן מאכען מענשען, דער קעניג אבער דער איז פון גאט געזאלבט, וואהין דער קעניג געהט, געהט מיט איהם מיט די קעניגליכע מאיעס־טעט, אזוי ווי די זעעלע מיט דעם קערפער.

## גדליהו.

גאנץ רעכט, אבער זאג מיר, וואו האסטו געזעהען א קעניג אהן א פאלק, איבער וועמען אייגענטליך ווילסטו קעניג זיין.

## ישמעאל.

מיר איז דערווייל גענוג דאס ביסל פאלק, דיך געהארכען זיי גיעב זיי איבער מיר, און נאך דעם די כאלדעער וועלען זיך צוריק ציהען פון אונזער לאנד, דאן פערזאמלען מיר איינע שטארקע ארמעע, מיר בויען אויף צוריק ציון, אונד בעזעצען דארט אונזער פאלק, ירושלים'ס מויערען

זאלען באלה ווידער צום הימעל אויפשטייגען, צום טראטץ פון אלע אונזערע פיינדע.

## גדליהו.

זא זאל דאס פאלשע שפיעל ווידער בעגינען, זאל דאס ארמע פאלק פערליערען זיין לעצטעס טראפען בלוט צוליעב דעם גאלדענעם קריינדיל וואס דו זוכסט אויף דיין שטערען? ישמעאל! הער דען ראטה פון איין טריען פריינד דו ביזט דאס לעצטע צווייגעלע פון מלכות בית דוד, שטעל דיך ניט קעגען דעם שטורם וועלכער קען דאס לייכט צוברעכען, יאג זיך ניט נאך דען פאלשען גלאנץ, בשעת דו קאנסט איהם ניט ערגרייכען... דאך גענוג, לאמיר ניט רעדען מעהר דערפון, דו ביזט מיין גאסט, גלויבט מיר איך בין דיר גוט פון הערצען איך וויל דיין ברודער זיין, אויב דו ווילסט עס אויך!

## ישמעאל.

יא, איך וויל עס (רייכט איהם זיין האנד) אויפס ווידערזעהען!

## גדליה.

אדיע!

## ישמעאל. (פאר זיך)

איך וועל דיך פערניכטען (אב)

## גדליה.

יא ישמעאל—איך קען דיין פאלשעס הערץ, ניט אפילו דיעזעס אונגליק וואר אימשטאנדע דיך אויס-צובעסערען, ניט אפילו די שרעקליכע ענדע פון דיין אנקעל צדקיהו האט אויף דיר דען מינדעסטען איינדרוק געמאכט, נור גליקליכער וויזע ביזטו יעצט אונשעדליך אונד איך פירכטע קיינע היגדערניסע דער הייליגען מיסיאן וואס איך האב אויף מיר גענומען, איך וויל לעבען פאר מיינע ברידער, איך וויל פאר די שוואכע ביימעלעך איין געטרייער גערטנער זיין ווי איין פאטער זיין איינציג קינד זא וויל איך דיך היטען מיין געליעבטעס פאלק ישראל.

I.

שלאף מיין קינד א גליקליכען שלאף
שלאף איין אונטער מיין ליעד
דו ביזט נאך יונג צופיהלען דיין שטראף
דערמיט וואס דו ביזט א יוד.
שלאף-זשע יודעלע שלאף
דו וועסט דערפיהלען דיין שלאף
שלאף-זשע יודעלע שלאף,
דו וועסט דערפיהלען דיין שלאף.



II.

דו וועסט אויפוואקסען גרויס דו וועסט קומען אין יאהרען
ארמוטה וועט זיין דיין געמיט,
דו וועסט שילטען דעם טאג וואס דו ביזט געבוירען
וואס דו טראגסט דעם נאמען יוד.
שלאף-זשע יודעלע שלאף א. ז. וו.

III.

דו וועסט געהן אין דער וועלט אום א שטיקעלע ברויט
צו זוכען און ניט ווערען מיעד
דו וועסט טרעפען פערפאלגונגען הונגער און נויט
דערפאר וויל דו ביזט א יוד.
שלאף-זשע יודעלע שלאף א. ז. וו.

IV.

אין קיין לאנד דיך רוהיג זיצען
לאזען וועט מען דיך ניט
נאר יאגען און טרייבען, מיט דונערן בליטצען,
דערפאר ווייל דו ביזט א יוד.
שלאף-זשע יודעלע שלאף א. ז. וו.

V.

דו פרעהסט דיך, אט שוין די צייט מאכט דיך גליקליך
אכטען וועט מען דיך ווי אלע גלייך
צום סוף שלאגט מען דיך נאך שטארקער מען ברעכט דיך אויף שטיקלעך

א יוד האט קיין ווערטה פאר קיין זאך.
וואך שוין אויף יודעניו, וואך
מעגסט ווערען מיט דיין אייגען לאנד רייך
וואך שוין אויף יודעניו, וואך
אין דער היים וועלען מיר אלע זיין גלייך.

נאר איינם פערביטערט מיר מיין גאנצעס לעבען, הדסה! דו גוטע הערליכע זעעלע, ווארום ביזטו זא אונבארמהערציג אומגעקומען? היט-לישעס קינד, דיך קאן איך ניט פערגעסען, איך וועל דיך ניט פערגעסען ביז אין מיין לעצטען אויגענבליק.

(אויפטריט צפניה).

## צפניה.

גדליהו עטוואס נייעס, א כאלדעאישער אפיציער מיט א גאנצען

הויפען ווייבער שטעהען אין דרויסען, ער זאגט ער האט זיי דיר געבראכט.

## גדליהו.

ווער זינד די?

## צפניה.

דאס האט ער מיר ניט געזאגט, איך ווייס אויך ניט צו זענען זיי יונגע, צו אלטע ווייל זיי געהען פערשלייערט די פנימער... מיר שרעקט זיך מיין הערץ.

## גדליהו.

ווארום?!

## צפניה.

איך וויים וואס איז פלוצים איין אנשיקעניש פון ווייבער.

## גדליהו.

אך געה דאך, לאז זיי אריין קומען.

## צפניה.

געבע גאט עס זאל זיין צום גוטען, איך האב זעהר מורא פאר די ווייבער (אב).

(אויפטריט א כאלדעאישער אפיציער).

## אפיציער.

אין נאמען פון אונזער גרויסען הערשער נבוכדנצר קום איך צו דיר ווערנער גדליהו, מיט דיזע פרויען, זיי זענען אלע פון דעם געוועזענעם קעניג צדקיהו׳ס פאמיליע, דער קעניג נבוכדנצר האט זיך איבער זיי ערבארמט, אונד געשענקט דאס לעבען, אבער נור אונטער דיזע בעדינגונג, דאס דו זאלסט זיי אונטער דיין שוטץ נעמען, און גאראנטירען דאס זיי וועלען זיך רוהיג פערהאלטען, און קיינע העטצען מאכען אונטער דעם פאלק, ווילסטו זיי אננעהמען איז גוט ווען ניט דאן מוז איך זיי נאך בבל אלס געפאנגענע פיהרען.

## גדליהו.

איך נעהם זיי אן. (אפיציער אב)

## צפניה.

ביטטע פערדעקטע פנימער קומט אריין.

(דאמען קומען אריין).

מיר זענען געקומען, דיך צו בעטען
די בעפרייאונג, פון דעם הערר
האב דאך מיטלייד, האב דאך מיטלייד.



האב דאך מיטלייד, האב דאך מיטלייד.
נעם אונז אונטער דיינעם שוטץ
מיר בעטען דיך גרויסער הערר
יא מיר בעטען דיך נאך אמאהל,
מיר זענען געפלאגט אן א צאהל
גרויסער הערר האב מיט אונז מיטלייד
בעפרייע אונז פון דעם פיינדם הענד.

## גדליהו.

איך בעגריסע איין עדלע פרויען, אונד ווינשע אייך גליק צו אייער רעטונג, זייט מיר אלע הערצליך ווילקאממען, יעצט וואלט איהר געפעלינגסט אייערע שלייערס אבנעהמען דאמיט איך זאל וויסען וועמען איך האב דאס גליק אין מיין הויז צו האבען (חמוטיל רעקט אפ איהר שלייער) חמוטיל?..

## צפניה.

אוי א גליק, נו וואס זאגט איהר צו דעם גליק? אזא אלטע!

## חמוטיל.

יא חמוטיל, אלזא פאר וואס קניעסטו ניט, פאר וואס ווארפסטו דיך ניט צו דער ערד פאר דיין אלטע קעניגין?

## גדליהו.

קעניגין זיי זיכער אז איך וועל ניט פערגעסען דען רעספעקט וואס איך בין דיר שולדיג! אבער פערצייהע מיר, דו ווייסט עס אויך אז פאר דיין קעניגליכען זוהן צדקיהו האב איך אויך ניט געקניעט, איך האב אימער פעראכטעט די אלע זיטען פון די געצענדיענער! מיינע קניע בייג איך נאר פאר איינעם וועלכער זיצט דארט אויף דעם טראהן אין הימעל.

## חמוטיל.

יא, מיין פרומער גדליהו, איך קען דיך דו ביזט מיינעם קעניגליכען הויז אימער איין פיינד געוועזען, דו אונד דער פראפהעט ירמיהו מיט זיין גאנצע סעקטע, איהר זענט שולדיג אין אונזער גאנצעם אונגליק.

## גדליהו (ערשטוינט).

וואס? חמוטיל! וואס האסטו געזאגט?!

## צפניה.

ערגער דיך ניט גוטער גדליהו, זי וויים דען וואס זי רעדט, זי איז שוין עבר ובטל.

**חמוטל.**

עֶס קרעֶנקט דיך פֿון מיר די וואַהרהייט צו הערעֶן, זאָג פֿאַר וואָס ביזט דו יעֶצט גובעֶרנאַטאָר פֿון יהודה? ניט ווייל דו וואַרסט פֿאַלש דיין אייגעֶנעֶם פֿאַטעֶרלאַנד? ניט ווייל דו וואַרסט איין טרייעֶר קנעֶכט דעֶם קעֶניג נבוכדנצר?

**גדליה.** (אויסער זיך)

געֶנוג! איך קאָן ווייטער ניט הערעֶן אָהנעֶ דאָס הערץ זאָל אין מיר פּלאַצעֶן, וויפֿיעל וואונדעֶן האָט שוין דיזעֶר קעֶרפּעֶר בעֶקומעֶן אויף די פֿעֶרשידעֶנעֶ שלאַכטפֿעֶלדעֶר, וויפֿיעל מאָל האָב איך געֶרעֶטעֶט דאָס לעֶבעֶן פֿון דיין זוהן צדקיהו, ווען עֶר וואַר אין פֿעֶרשידעֶנעֶ שלאַכטעֶן? אונד וואָמיט האָט עֶר מיך בעֶלוינט? עֶר האָט מיך פֿעֶרשיקט צו נבוכדנצר אַלס שקלאַווע, מיינעֶ עֶהרעֶ אַוועֶק געֶנומעֶן ביי מיר, אונד מיך גרויזאַם וועֶקגעֶריסעֶן פֿון מיינעֶ אַלטעֶ מוטעֶר, וועֶלכעֶ איז אין דעֶן זעֶלבעֶן טאָג פֿאַר שמעֶרצעֶן געֶשטאָרבעֶן.

**חמוטל.**

האָט עֶר דעֶן ניט רעֶכט געֶהאַנדעֶלט? ווי האָסטו געֶוואַגט צו פֿאַנגעֶן דאָס הערץ פֿון דעֶם קעֶניגס טאָכטעֶר? די פּרינצעֶסין וואַר בעֶשטימט פֿיר דעֶם קעֶניג פֿון עמון, בעֶליס דער קעֶניג פֿון די עמונים האָט אַ פֿעֶרלאַנגט צור פֿרוי אונד מיין זוהן צדקיהו האָט זי איהם פֿעֶרשפּראָכעֶן, אָבעֶר דיר צוליעֶב האָט זי איהר פֿאָטעֶר ניט געֶוואָלט געֶהאָרכעֶן אונד האָט איהם זאָ איינעֶ שאַנדעֶ געֶמאַכט.

**גדליה.**

איינעֶ שאַנדעֶ?! פֿעֶרצייהעֶ מיר קעֶניגעֶן, מיר שיינט אַז צדקיהו וואַר ניט זאָ גרויס דאָס גדליהו זאָל פֿאַר איהם איינעֶ שאַנדעֶ זיין. דעֶר טראָהן פֿון יהודה איז ניט געֶוועֶן אַזוי גרויס, עֶר זאָל ניט קעֶנעֶן געֶפֿינעֶן אַ שידוך צווישעֶן אייגעֶנעֶ, אויסעֶר דעֶם איז ניטאָ קיין מיוחסים מיר זעֶנעֶן אַלעֶ גלייך. אָבעֶר געֶנוג, דו ביזט מיין גאַסט, מיין גאַנץ הויז שטעֶהט פֿאַר דיר אָפֿעֶן, די עֶהרפֿורכט וואָס איך בין דיר שולדיג, וועֶל איך געֶוויס ניט פֿערגעֶסעֶן, ווייל איך טראָג איהר ביי מיר אין העֶרצעֶן.

**צפניה.**

גאָט זיי דאַנק, עֶס איז איהר שוין אויסגעֶגאַנגעֶן דאָס לשון.

**חמוטל.**

ווילסטו מיר אָנצייגעֶן, וואו וועֶט זיין מיין געֶפֿעֶנגניס?

**גדליה.**

געֶפֿעֶנגניס?!



**צפניה.**

אָה, די אַלטעֶ מכשפה!

**גדליה.**

קעֶניגין! דאָס איז דאָס איינציגעֶ הויז וואָס איך בעֶזיטץ עֶס שטעֶהט דיר צו פֿעֶרפֿיגונג, צפניה, בעֶגלייטעֶ די קעֶניגעֶן!

**חמוטל.**

איך דאַנקעֶ, איך דאַרף קיין דיענעֶרשאַפֿט, איך האָב מיין אייגעֶנעֶ מיט מיר, פֿרויעֶן! בעֶגלייטעֶט מיך (אַלעֶ אַב).

**צפניה.**

קוק אָן אַביסל אַ שטאָלץ פֿון אַ אַלטעֶ מכשפה.

**גדליה.**

ניין, מיין הדסה איז ניט אונטעֶר דיזעֶ פֿרויעֶן, מיין הדסה לעֶבט ניט מעֶהר?

**הדסה.** (ענטלאַרפֿט)

יאָ, זי לעֶבט! (לויפֿט צו גדליה).

**גדליה.**

מיינעֶ הדסה!

**הדסה.**

מיין גדליהו, מיין איינציגעֶר פֿריינד! (אומאַרמונג).

**צפניה.**

הדסה! אָה טייעֶרעֶ, ליעֶבעֶ, גוטעֶ, שעֶהנעֶ פּרינצעֶסין.

**הדסה.**

אויך דו ביזט דאָ גוטעֶר אַלטעֶר?

**צפניה.**

צו בעֶפֿעֶהל, צפניה לעֶבעֶן האָט שכל, און נעֶהם דיר דעֶם וועֶג, האָבט אַכט רעֶכטס אום מאַרש, מאַרש (אַב).

**גדליה.**

איך דאַנקעֶ דיר גוטעֶר גאָט פֿיר זאָ איין גליק, יעֶצט שטעֶהסטו ווידעֶר נעֶבעֶן מיר לעֶבעֶנדיג אונד פֿריי, אָה מיין הערץ! הדסה! ליעֶבעֶס קינד! האָסטו פֿיעל געֶליטעֶן?

## הדסה.

פרעג ניט מיין פריינד, מיר ביידע האבען געליטען, אבער מיר האבען עס אריבער געטראגען, אך גדליהו וואס פיר איין ווילדער שטורם דאס וואר (וויינט).

## גדליה.

איך האב אלעס מיטגעפיהלט, זייט דאמאלס האב איך מיין לעבען געווידמעט דעם שארית ישראל.

## הדסה.

אונד זא האט אונז דאס שיקזאל ווידער צוזאמען געפיהרט, נאך זא איינע שווערע שרעקליכע צייט. גיעב מיר דיינע האנד גדליהו, דא האב איך דיר צוריק מיט 3 יאהר מיין האנד געררייכט צום אבשיעד ווען מיין פאטערס צארן האט אונז געשיידעט, אונד יעצט גיב איך דיר ווידער צו זאמען מיט מיין הערץ פיר אימער אונד עוויג.

## גדליה.

אונזער ליעבע זאל רייגער זיין אלם די פעלזען פון דעם בארג חרמון יעצט האב איך נאך א שעהנעס ציעל צו לעבען פיר מיינע ליעבע טהייערע הדסה (אומארמען זיך).

## ביידע (זינגען דועט).

מיר דאנקען דיר גאט פערראייניגט האסטו ווידער צווי טרייע הערצער
נאך זאפיעל ליידען נאך זא פיעל שמערצען,
ווי גליקליך זינד מיר יעצט נאך דעם מיר האבען געליטען זאפיעל,
צוזאמען געפיהרט האט אונז גאט ביידע, עררייכט איז אונזער ציעל.

## גדליה. (סאלא)

אונד שווער איך דיר יעצט ווידער אויפסניי
דיר געהערט מיין הערץ מיין עוויגע ליעבע, מיט עוויגע טרייע
אה ווי גליקליך בין איך יעצט,
איין הייליגען ציעל האט מיין לעבען אצינד,
דאס גליק פון מיין פאלק
אונד דיין ליעבע, טהייערעס קינד.

## הדסה. (סאלא)

שטיל האט אמאל די ליעבע מיין הערץ פערצעהרט
יעצט זאגאר אויך עס לויערט דאס די גאנצע וועלט עס הערט.
נור דיינע בין איך, איך שווערע עס דיר הייליג ביי גאט,
עוויג טריי נור דיר אליין, עוויג טריי ביז צום טוידט.
(ביידע ווידערהאלען דעם דועט, אב, אויפטריט חמוטיל).



## חמוטיל.

אך א שעהנעס עלטער, גדליהו דער פיינד פון מיין הויזגעזינד איז יעצט מיין הערשער. מיין לעבען, מיין פרייהייט, איז יעצט אין זיינער האנד וואס וועט מיין ענדע זיין? אלעס האב איך פערלוירען, זאגאר הדסה מיין איינציגעס איינייקיל איז מיר אויך פרעמד געווארען, זי איז יעצט ווידער ביי איהר געליעבטען אונד קימערט זיך וועניג אום די ליידען פון איהר גראסמוטער, איך בין אונגליקליך!!! (אויפטריט ישמעאל).

## ישמעאל.

אה קעניגין, טאנטע!

## חמוטיל.

וואס זעה איך ישמעאל?! מיין טהייערער נעפע, דו היער?

## ישמעאל (קושט זי).

יא טאנטע אויך איך האב מיך פון די כאלדעאישע הענד געררעטעט, מיין שיקזאל האט מיך צו איינעם העהערען צוועק בעשטימט אלס שקלאווע ביים קעניג נבוכדנצר.

## חמוטיל.

אך מיין ליעבער פרינץ ווי פרייט מיר מיין הערץ דיך ווידער צו זעהען מיר זענען צווייא שיפען וועלכע האבען זיך קוים געררעטעט פון שטורמווינד.

## ישמעאל.

יא אונזער לעבען האבען מיר געררעטעט, דאס איז וואהר, אבער וואס הערט מען מיט אונזער פרייד, וואס פאר איין צוועק האט יעצט אונזער לעבען, זאגע מיר דעם אמת טאנטע, ווי פיהלסטו זיך יעצט אין גדליה׳ס הויז?

## חמוטיל.

דו פרעגסט נאך!? זעה בעטראכט מיין וואהנונג! איז דאס א וואהנונג פאר א קעניגין? וואו איז די צאהלרייכע דיענערשאפט? וואו זענען די סאלדאטען? ווי עס פאסט פאר א קעניגין!

## ישמעאל.

טאנטע! ווילסטו רייכען דיין האנד זא איינעם וועלכער וועט דיך פון דיעזען געפענגניס בעפרייען, און דיך צוריק שטעלען אין דיין פרי- הערדיגען גלאנץ!?

## חמוטיל.

אויב איך וויל? דא האסטו מיינע ביידע הענד!

## ישמעאל.

הער, טאַנטע! פֿון הדסה׳ן הענגט יעצט אָב, דאָס מיר זאָלען צוריק בעקומען דען טראָהן פֿון דעם קעניג דוד, אָדער מיר זאָלען בלײַבען גדליהו׳ס קנעכֿט אונזער לעבען לאַנג!

## חמוטיל.

ערקלעהר מיר ישמעאל, אַלעס!

## ישמעאל.

איך אונטערהאַנדעל אין געהיים מיט בעלים דעם קעניג פֿון עמון, איך האָב הײַנט געשפּראָכֿען מיט אַ שפּיאָן, ער וויל ראַכֿע נעמען אָן גדליה׳ן פֿיר דער גרויס ניעדערלאַגע וואָס ער האָט ערשט נישט לאַנג פֿון איהם געליטען, און פֿערלאַנגט פֿון מיר איך זאָל איהם בעהילפֿיג זײַן.

## חמוטיל.

ווי זאָ בעהילפֿיג זײַן?

## ישמעאל.

ער שיקט אַהער אַ שטאַרקע אַרמעע פֿון עמונים, זײַ וועלען ליגען פֿערשטעקט ניט ווײַט פֿון היער צווישען די געבירגע אונד ווען איך וועל פֿאַרשטעהן אַז עס איז שוין צײַט עטוואָס צו טהוען, בעפֿאַלען זײַ פּלוצלונג גדליה׳ן און מאַכֿען פֿון איהם אַ ענדע, דאַן שלינגען מיר דאָס ביסעל כאַלדעער וואָס איז נאָך היער צוריקגעבליבען, מיר נעמען אין בעזיטץ פֿון גאַנצען לאַנד, אונד דער טראָהן פֿון קעניג דוד וועט אויפֿס־נײַ אויף געבויעט ווערען פֿאַר דעם קעניג ישמעאל מיט זײַנע טהײַערע טאַנטע די אַלטע קעניגין צו זײַן רעכֿטער האַנד!

## חמוטיל.

נון וואָס שטעהסטו? וואָס צעגערסטו נאָך? וואָס וואַרטסטו נאָך?

## ישמעאל.

נאָך איין זאַך שטעהט מיר אין וועג אין די איז הדסה.

## חמוטיל.

הדסה? וואָס קימערט דיר הדסה?

## ישמעאל.

בעלים דער קעניג פֿון עמון פֿערלאַנגט הדסה׳ן צור פֿרוי אונד איך האָב זי איהם פֿערשפּראָכֿען.



## חמוטיל.

אָבער ווי זאָ האָסטו איהם געקענט פֿערשפּרעכֿען, ווײַסטו דען ניט פֿאָן איהר ליעבע צו גדליהו?

## ישמעאל.

דאַרום ווענדט איך מיך צו דיר דו זאָלסט מיר העלפֿען איבער־צורײַדען איהר.

## חמוטיל.

אומזאָנסט וועט זײַן אונזער מיה זי איז פֿערליעבט אין גדליהו שטערבליך.

## ישמעאל.

דאַן מוזען מיר איין אַנדער מיטעל געפֿינען, מיר זאָלען זי צווינגען.

## חמוטיל.

צווינגען, ווי אַזוי איז דאָס מעגליך?

## ישמעאל.

הער מיך אויס טאַנטע, אין דער קורצער צײַט וואָס איך בין היער, האָב איך דורכֿשפּיאָנירט די גאַנצע געגענד ווי אויך גדליהו׳ס הויז, דאָרט אין יענער זײַט שטעהט אַ קליין צימערל אָהנע פֿענסטער, איין אויסגע־צײַכֿענט קערקערל פֿאַר זאָ איין איינציגער וועלכֿע וויל ניט פֿאָלגען איין גראָסמוטער, אַלזאָ ווען זי בלײַבט האַרטנעקיג שלעפֿען מיר זי דאָרטהין אין יענעם קערקעריל, מיר האַלטען זי דאָרט זאָ לאַנג אײַנגעשפּאַרט ביז עס וועט קומען די ריכֿטיגע צײַט עטוואָס צו טוהען.

## המוטיל.

שטיל, זי קומט! (אויפֿטריט הדסה).

## ישמעאל.

מײַן האָכֿגעשעצטע ליעבע קוזינע, זײַ מיר הערצליך ווילקאָממען.

## הדסה.

גדליהו האָט מיר שוין דערצעהלט פֿון דיר, עס פֿרײַט מיך דיך ווידער צו זעהען גערעטעט אונד פֿרײַ.

## ישמעאל.

איך האָב עבען יעצט געשפּראָכֿען מיט דײַן גראָסמוטער, אונזער אַלטע קעניגין, וויר זינד צו איבערצײַגונג געקאָממען דאָס ניט אומזאָנסט האָט אונז גאָט געלאָזט לעבען, ניט אומזאָנסט האָט אונז אונזער גליק־שטערען צוזאַמען געפֿיהרט, דאָס איז אַ צײַכֿען דאָס באַלד זעהר באַלד

מוזען מיר ווידער צוריק קומען צו אונזער פריהעריגען גלאנץ, איז דאס ניט אויך דיינע מיינונג הדסה?

## הדסה.

ניין, ווארום זאלסטו דיך טרייסטען מיט פאלשע האפנונג? צו וואס נוצט דיר דאס פאנטאזירען? דאס פערגיפטעט נור דאס בלוט אין דיינע אדערן, איבעריגענס מיט מיר רעד נישט מעהר פון פריהעריגען גלאנץ איך קימער מיך זעהר וועניג דארום.

## ישמעאל.

הדסה! איך וויל מיט דיר יעצט ריידען פון דיר אליין, גלויב מיר יעדער וועלכער זעהט דיין העלדענס געשטאלט, דיינע פייעריגע בליקען מיט איינעם ווארט, דיין גאנצעס וועזען, יעדער מוז צוגעבען דאס דו ביזט נאר דאצו געשאפען, אום צו זיצען אויף דען טראהן פאן איינען גרויסען מעכטיגען פירשטען, וועלכער זאל זיינע קראהנע אויף דיין קאפף אויף-זעצען, פאר דיר זאלען קניען די גרעסטע הערן דעם לאנדעס, דאס פאלק זאל זיך פיר דיינע פיסע ווערפען, דו זאלסט...

## הדסה.

האלט איין! וואס ווילסטו? זאג עס מיר קורץ, וואס ווילסטו?

## ישמעאל.

דיך גליקליך מאכען, בעלים קעניג פון עמון וויל דיך צו זיינע קעניגין מאכען, ער האט עס פון מיר פערלאנגט און איך האב עס איהם פערשפראכען.

## הדסה.

אונד מיט וועלכען רעכט?!

## ישמעאל.

וויל יעצט בין איך דאס הויפט פון אונזער פאמיליע.

## חמוטיל.

געוויס מיין קינד, ער האט רעכט, קום אהער מיין קינד, קום צו דיינע געטרייע גראסמוטער, איך וויל דיר געבען מיין זעגען (וויל זי בענטשען).

## הדסה.

לאז מיך צופריעדען מיט דיין זעגען!

## חמוטיל.

דו איבערגעקעהרטעס קינד! ווילסטו ווידער פון דיר פערשטויסען דיין גליק?



## ישמעאל.

הדסה! דו ביסט אלע מאל געוועזען זא ערעלמוטהיג, זא גוטהערציג, ועה, מיר ביטען דיך מיט טרעהרען אין די אויגען. מיר זעהנען פערלאזען, מיר זעהנען בעדעקט מיט שטויב און אש, מיר זעהנען אין אונזער אייגען לאנד ווי אנטלאפענע, מיר עסען דאס ברויט פון אונזערע פיינד, אבער ווען דו ווערסט קעניגין פון עמון, וועסטו אונז רעטען פון אונזער עלענד און נויטה.

## הדסה.

שווייג! קיין ווארט מעהר פון עמון, וואס? פון דיעזען אבשייליכען טיראן, ערוואַרטעסט דו הילפע? דיעזען ווילדען מענשענפרעסער ווילסטו מאכען פאר א פאסטוך איבער אונזער לעצט ביסעלע שעפעלעך? ווער ער דען ניט פון זיי ארונטערגעריסען די וואהל צוזאמען מיט די הויט? פריי זיין אונד גליקליך לעבען קענט איהר נור אונטער דען שוטץ פון אונזער ערעלמוטהיגען אונד גוטהערציגען גובערנאטאר גדליהו!

## חמוטיל.

גדליהו, און גדליהו, און ווידער גדליהו! ווען דו ווילסט נישט געהארכען דיינע גראסמוטער, זא געהארכע דען בעפעהל פון דער קעניגין, איך בעפעהלע, אז איהם נישט מעהר צו דענקען.

## הדסה.

זא ווייט האט איך די איינבילדונג פערפיהרט, דער טראהן איז צוברא̄כען, פארברענט, דער ווינד האט איהר אש צושפרייט אויף אלע 4 זייטען אונד דאך יאגט איהר נאך דעם שאטען און צוליעב דיעזען שאטען ווילט איהר אייערע קינדער אפפערען? ניין, אזא קעניגין הער איך ניט!

## חמוטיל.

איך האב עס פריהער געוואוסט!

## ישמעאל.

לאז טאנטע, יעצט לאז מיך אויך מיט איהר א פאר ווארטען ריידען זיהע הדסה (ווייזט דעם שווערד) בעטראכט דיעזען שווערד, פרובי̄ר זיינע שארפע שפיצע.

## הדסה (ערשראקען).

וואס איז דאס? און וואס ווילסטו טהוען?

## ישמעאל.

מיט דיעזען שווערד וועל איך גדליהו'ס הערץ דורכבאהרען.

## הדסה (שרייט).

וואס?! דאס?! דאס ווילסטו טהון?!

## ישמעאל.

און ווען דו צווייפעלסט נאָך דאַראַן, זאָ שווערע איך בײַ דער קרוין פון קעניג דוד, דו האָסט מיך אימער צו נאַרען געהאַלטען דו האָסט דיך אימער איבער מיר לוסטיג געמאַכט, יעצט ענדליך זאָלסטו מיך קענען לערנען, דיך איבערצײַגען דאָס פאַר מײַן טראָהן קעמפף איך זאָ מוטהיג ווי א לײב, אונד גרויזאַם ווי אַ טיגער.

## הדסה.

נײן, ניט א לײב ביזטו, זאָנדערן אַ פאַלשע שלויע קאַטצע, ניט אַ טיגער, נור אַ בלוט-דורסטיגער וואָלף, אונמענש! זאָ בעלאָהנסטו דײַן וואָהלטהעטער, וועלכער האָט דיך אוים מיטלײד אין זײַן הויז אַרײַנגענומען, פאַר זײַן גוטהערציגקײַט, ווילסטו איהם מיט מאָרד בעצאָהלען?!

## ישמעאל.

קײן שרײַען און קײן שימפפען ווירד דיר יעצט העלפען, אין דײַן האַנד ליגט יעצט דאָס לעבען פון דײַן גדליהו, ווילסטו אונז פאָלגען און געבען דײַנע האַנד דעם קעניג פון עמון, זאָל גדליהו לעבען בלײַבען, ווען אָבער ניט, וועל איך זײַן קאָפּ צו דײַנע פיס לעגען, יעצט וועהל, בעווײַז וועמען דו ליעבסט בעסער דיך אָדער איהם?!

## הדסה.

אָה באַרמהערציגער גאָט! וואָרום בין איך ניט ליעבער אויך געפאַלען צוזאַמען מיט דיעזע טויזענדע פון מײַנע שוועסטער אונד ברידער?! (קניעט) האָט מיטלײד, ערבאַרמט אײַך אויף מיר, וואָס פאַר א שלעכטעס האָב איך אײַך געטהון. פאַר וואָס ווילט איהר מיך פערקויפען? אָבער ניט נור מיך, אײַך אַלײן פערקויפט איהר אויך פיר נידריגע שקלאַווען צו די ווילדע עמונים, איהר פערקויפט דאָס אַרמע אונגליקליכע פאָלק פון יהודה! אַך גראָסמוטער! ישמעאל! בעדענקט, איבערלײגט אײַער עהרגײַץ וואָס פערבלענדעט אײַערע אויגען, אָה וועה! וואָס ווילט איהר טהון?! (וויינט)

## ישמעאל.

וואָס איך האָב צו טהון ווײס איך גאַנץ גוט, אָהנע דיך אום אַ עצה צו פרעגען, איך פערלאַנג אַנטוואָרט, ווילסטו דײַן האַנד רײַכען דעם קעניג פון עמון, אָדער נײן? די צײַט איז קורץ, ענטשײַדע!..

## הדסה (שפרינגט אויף).

וואָס איז דאָ צו ענטשײדען? ווען אַלע מײַנע נערווען שרײַען, נײן, ווען יעדעס טראָפּפען בלוט אין מײַנע אָדער'ן שרײַט נײן. ווי קענען מײַנע ליפּען אויסרײדען יאַ?! ענטשײדונג ווילט איהר פון מיר הערען? זאָ הערט: נײן! און טויזענד מאָל נײן!



## חמוטל.

איך האָב עס פריהער געוואוסט!

## ישמעאל.

זעהר גוט, יעצט געה און איבערלעג עס דיר קאַלטבליטיגער (זי געהט צום טהיר) וואָהין? ניט דאָ איז דײַן וועג! האַלסטו אונז פאַר קינדער? גלויבסטו דאָס מיר וועלען דיך פרײַ לאָזען, דו זאָלסט דײַנעם געליעבטען אַלעס ערצעהלען?! דאָרטהין געה, אין אַ פינסטערען קערקער אײַנגעשפּאַרט זאָלסטו אין שרעק זאָ לאַנג בלײַבען ביז דײַן הײס ליעבענדעס הערץ ווירד זאָ קאַלט ווערען ווי אײַז, יעצט געה!

## הדסה.

הילפע! הילפע!

## ישמעאל.

אומזאָנסט איז דײַן געשרײַ, פיעמאַנד הערט דיך (ראַנגלען זיך). אויפטריט גדליהו.

## גדליהו.

האַלט!

## הדסה (לויפט צו איהם).

מײַן גדליהו! מײַן רעטטער!

## ישמעאל.

גנאַדע!

## גדליהו (איראָניש).

גנאַדע, וואָס, דו ביטעסט אום גנאַדע, דו גרויסער מאַן פון קעניגליכען שטאַם, דו קאָנסט זיך זאָ וויַט ערנידריגען אונד קניען פאַר אַ איינפאַכען אונטערטהאַן! טפוי, ווי שענדליך! אונד זאָ אײנער יאָגט זיך נאָך אַ קראָהנע? דו ווילסט קעניג זײַן און בעשיצען אַ פאָלק, וועהרענד דו אַלײן ציטערסט פאַר דעם טוידט ווי איין אַלטעס ווײַב (האַלט זײַן זעבעל אַנטקעגען) רעכט וואָלט געוועזען דאָס איך זאָל דיר יעצט דײַן פאַלשעס הערץ דורכבויערען מיט דעם זעלבען שווערד מיט וועלכען דו האָסט געוואָלט מײַן לעבען נעמען, אָבער נײן, מײַן האַנד זאָל קײן בלוט פערגיעסען, זאָל ניעמאַנד זאָגען, דאָס גדליהו האָט דאַרום ישמעאל'ן געטוידטעט אום זײַנע הערשאַפט צו זיכערען, דער נאָמען גדליהו זאָל בלײַבען רײַן אונבעפלעקט, איך שענקע דיר דאָס לעבען, נאָר אונטער מײַן שוטץ ביזטו ניט מעהר, און ווען דו ווירסט ווידער פאָן די כאַלדעער געפאַנגען, זאָ איז עס דײַנע אײגענע שולד. דו אַלטע, בלײַבסט היער מײַנע געפאַנגענע, קײן שריט מאַכסטו מעהר אָהנע וואַכע (ישמעאל פאַקט אַ שווערד בײַטעט אום גנאַדע). געה!

גדליה אויך, פעכטען זיך ישמעאל פערליערט,

## פאָרהאַנג.

# פֿיערטער אַקט.

## צפניה. (מיט די 4 ברידער אין וואלד).

ברידער! זאָלען מיר דעם היינטיגען פֿריידען־טאָג ניט בעטריבען מיט טרויעריגע געדאַנקען, גאָט וועט אונז ניט פֿערלאָזען, 20 שטעדט האָט מען אונז ערלויבט ווידער אויפֿצובויען, אונזער לאַנד וועט ווידער לעבעדיג, און מיר וועלען איהר ווידער זעהן אין פֿריהערדיגען גלאַנץ. ניט אמת, מיינע ברודער?

I.

געליטען אָהן אַ צאָהל — האָט אונזער פֿאָלק ישראל
פֿאַר זיינע שווערע זינד—געשטראָפֿט האָט גאָט זיין געליעבטעס קינד.
די צייט קומט שוין באַלד ווידער
דאָס אונזערע פֿרומע ברודער
וועלען זינגען היילִיגע ליעדער אין בית־המקדש פֿריי
כהנים און פּראָפֿעטען — וועלען פֿאַר אונז בעטען
לויים מיט טראָמפּעטען — וועלען שפּיעלען אויפֿסניי.
הללויה, זינגט מיט חשק איהר יודעלעך
גרויס איז אונזער גאָט, אַ גאָט!
הללויה זינגט פֿאַר איהם פֿרומע יודעלעך,
שרייט אַלע אין איינעם אחד אחד!

II.

אונזער פֿאָלק בעפֿרייט, דאָס בית־המקדש בענייט
מיט פּראַכט און גלאַנץ ווי פֿריהער העלף גאָט, דערלעבען
זאָלען דאָס מיר.
אונזער לאַנד וועט ווידער גלאַנצען
מיט בלומען און מיט קראַנצען
פֿרייען זיך און טאַנצען, וועלען מיר אָהן אַ צאָהל
און לוייִם׳ליך די יונגען, וועלען ווידער זינגען
די האַרפֿען וועלען ווידער צוקלינגען ווי אַ מאָל
הללויה א. ז. וו. (טאַנצען אַרוים. פֿערוואַנדלונג).

(אין בית המקדש. כהנים, לויים, מיליטער קניען. גדליהו און הדסה שטעהען אויף אַ טראָהן און דער כהן־גדול גיעבט דען זעגען).

**כאר.** (זינגט) אונזער געבעט פֿערנעהם גאָט
בעשיצען מעגסטו גדליהו׳ן — בעשיצען מעגסטו איהם



היט איהם אָב — פֿון שאַנד און שפּאָט
מיט דיין היילִיגע האַנד, העלף גאָט איהם.
דיך דיענען מיר גרויסער גאָט—דיין קראַפֿט איז איבעראַל,
דיין קראַפֿט, דיין קראַפֿט, איז איבעראַל
נעהם אונזער געבעט צו, בענטש פֿון אויבען אונזער מיה.

ישמעאל לויפֿט אריין מיט עמונים וועלכע פֿאַנגען הדסה׳ען און פֿעריאָגען די יודען, ישמעאל ערמאָרדעט גדליהון. (אלע אָב).

## גדליהו.

אוים איז מיט מיר, מיינע קרעפֿטען שווינדען, לעבע וואָהל מיין הדסה! לעבע וואָהל מיין ליעב פֿאָלק! לעבע וואָהל מיין היילִיג לאַנד! מיין הדסה לעבע וואָהל! (אויפֿטריט ישמעאל מיט עמונים).

## ישמעאל.

ווי שעהן איז דער זיעג, יעצט ענדליך האָב איך מיין ציעל ערריכט... דאָ ליגט ער דער שעהנער העלד טוידט פֿון מיין שווערד, זאָ אַ ענדע וועלען אַלע האָבען, וועלכע וועלען ווידערשפּעניגען געגען דעם קעניג ישמעאל! יעצט ברענגט מיר אהער די פּרינצעסין הדסה! יערענפֿאַלס איז ער מיט אַ שעהנעם טוידט געשטאָרבען! איין העלדען־טויט! (אויפֿטריט הדסה).

## איינער.

האָך לעבע הדסה, די קעניגין פֿון עמון! הידד!

## ישמעאל.

זאָ מיינע ליעבע קוזינע מיט אַ פֿריידען־געשריי וועט באַלד דאָס פֿאָלק דיך בעגלייטען צום טראָהן פֿון עמון, וועהרענד היער וועט ווידער אויפֿשטייגען דער טראָהן פֿון קעניג דויד, קום הדסה צו דיין העלד וועלכער וועט דיך פֿיהרען צו דיין געקרוינטען הערשער!

## הדסה.

אַוועק! בעריהר מיך ניט! דיינע הענד דאַמפֿען נאָך פֿון בלוט, וואו בין איך? איז דאָס ניט גדליהו׳ס הויז? וואו איז גדליה מיין מאַן? האָסטו איהם ערמאָרדעט? ישמעאל! האָסטו איהם ערמאָרדעט? אויף דיין שטירנע זעה איך ברענען דאָס צייכען פֿון דעם מערדער קין...

## ישמעאל.

בערוהיג דיך ליעבעס קינד! עס בלייבט דיר יעצט קיין אַנדערער אויסוועג, נור אַלס קעניגין פֿון עמון צו ווערען, אָדער ווילסטו געהן ווי איינע בעטלערין פֿון טיהר צו טיהר אַ שטיקעל ברויט און אַ נאַכט־לעגער פֿיר דיר בעטען? פֿערגעס אַלע דומהייטען פֿאָלג מיין ראַטה און זיי גליקליך.

### הדסה.

וואו איז גדליהו? ווילסטו מיר ענדליך אנטוואָרטען? גיעב מיר צוריק מײַן גדליהון! מיט איהם וועל איך בעטלען געהן, האָט איהם דײַן שווערד פֿערוואונדעט? איך וועל איהם הײַלען, מיט מײַנע ליפּען וועל איך אָבוואַשען זײַן רינענדעס בלוט, מיט מײַן האַנד איהם פֿערשטעלען זײַנע וואונדען, האָט איהם דײַן שווערד בלינד געמאַכט? נו, וואָרום שווײַגסטו?! זאָג וואָס האָסטו מיט איהם געמאַכט? וואו איז מײַן גדליהו?!

### ישמעאל.

ווען דו ביזט זאָ האַרטנעקיג, זאָ איבערצײַגע דיך, דאָס דו האָסט ניט מעהר צו האָפֿען שוין היער! היער איזט דײַן גדליהו!.. (מעלאָדראַמע)

### הדסה.

אַך! נײַן, נײַן עס איז ניט מעגליך, עס קען ניט זײַן, גדליהו ערוואַכע, עפֿען דײַנע אויגען, דײַן פֿאָלק רופֿט דיך! דײַן הדסה רופֿט דיך! אָך, מײַן גדליהו איז טוידט!.. און דאָס האָסטו געטוהן, דער ווילדסטער הײַדער וואָלט דאָך ניט געהאַט דאָס האַרץ צו פֿערגיסען דאָס בלוט פֿון זאָ איין העלדענמוטהיגען העלד. דו שלאַנג אין מענשענגעשטאַלט! געה און שלעפּ דיך אַרום! וואַנדער פֿון לאַנד צו לאַנד! און פֿינדע גאָרניט, און ווען דו פֿינדעסט יאָ, זאָל עס דיר אוים דײַנע העגד פֿאַלען, וואו דו וועסט געהן זאָלען דיך די בלוטיגע גײַסטער פֿערפֿאָלגען, וועלכע דו האָסט ערמאָרדעט, אָהן אויפֿהער זאָלען זיי דיך יאָגען פֿון אָרט צו אָרט, דו זאָלסט דעם טויט זוכען און ניט געפֿינען, לעב! לעב! אין שרעק, אַנגסט און פֿלוך!

### ישמעאל.

מײַן געדולד איז שוין צו ענדע! אונבעזאָנענע! ווײסטו דען נישט דאָס איך ווערדע דיך צווינגען מיט געוואַלד!! קום!!!..

### הדסה.

האַלט! ניט פֿון דער שטעלע! זאָנסט רײַס איך אַרויס פֿון דיר דײַן נידערטרעכטיגעס הערץ, אונד צוטרעט עס מיט מײַנע פֿיס, אָבוואָהל דײַן פֿערפֿלוכטער קערפּער האָט ניט די ווערטה צו בעריהרען דען פּלאַץ וואו דיעזער הײליגער ליגט, גלויבסטו דאָס איך וויל נאָך זעהען די זאָננע נאָך דעם דיעזע אויגען זעהען ניט מעהר? מײנסטו איך וויל נאָך אָטהעמען, ווען דיעזע ברוסט האָט אויפֿגעהערט צו אָטהעמען?.. היער בין איך מײַן גדליהו! דײַנע בין איך! דײַנע טרײַע הדסה געהט מיט דיר אויך נאָך דעם טוידט, איך קאָם צו דיר! (שטעכט זיך).

### ישמעאל.

האַלט אײַן! האָ דו שרעקליכעס ווײַבען!



### חדסה.

יעצט איז מיר גוט, איך בין ווידער צוזאַמען מיט מײַן גדליהו! איך דאַנק דיר גאָט! (שטאַרבט).

### ישמעאל. (וויטהענד)

דאָס איז שרעקליך! זאָ אַ ענדע האָב איך ניט ערוואַרטעט!

### אפּיציער.

לײדער האָט די גאַנצע זאַכע יעצט איינע אַנדערע ווענדונג גענומען, שאַדע אום דאָס פֿערגאָסענע בלוט!!!

### ישמעאל.

וואָס זאָגסטו? און מײַן פֿערשפּראָכענע קראָהנע?!!

### אפּיציער.

דו בעקאָמסט זי דאָן, ווען די פּרינצעסין חדסה ווירד ווידער לעבענדיג ווערען (שטורם, שלאַכט).

### פֿאָרהאַנג.

---

## פֿינפֿטער אַקט.

(שטעלט פֿאָר דעם כותל מערבי).

### ירמיהו. (זיצט)

אָה וויין און יאָמער מײַן אונגליקליך פֿאָלק ישראל, פֿערלוירען האָסטו דײַן לעצטען בעשיטצער, פֿערלוירען האָסטו אַלעס, אַלעס, יעצט ערשט איז אונזער חורבן פֿאָלשטענדיג. גדליהו אונזער עדלער העלד! דו געטרײַער הירט, אויף וועמען האָסטו צוריק־געלאָזען די אָרעמע שעפֿעלעך, יאָ, יענער טאָג זאָל אַ עוויגער טרויעריגער בלײַבען, איין פֿאַסט טאָג צום אַנדענקען אָן אונזער אויסגעלאָשענעם שטערען, יענער טאָג זאָל הײַסען צום־גדליהו. (זינגט):

I.

אֵיכָה — ווי אַזוי בין איך געבליבען אַצינד,
קלאָגט בת־ציון מיט געוויין
פֿאַר וואָס מײַן גאָט האָסטו אַזוי ביטער געשטראָפֿט דײַן קינד?
פֿאַר וואָס איז איהם אַזוי געשעהען?

געשלאָגען דיך האָסטו אַליין, אוי מיט דיין אייגענער האַנד
דער גרעסטער שונא ביזטו נאָר געווען, אוי דיין אייגען פֿאַטערלאַנד

גים מיט טרעהרען—זאָלסט ניט אויפֿהערען
אויף דיין חורבן וואָס דיר איז געשעהן,
אוי קלאָג און וויין,
אוי קלאָג און וויין, אין דיין אונגליק שולדיג ביזטו נור אַליין.

II.

אֵיכָה וואו איז מיין שעהנהייט און שטאָלץ פֿון פֿריהער?
קלאָג ישראל און ברעך די הענד
זעה מיין גאָט ווי דער פֿיינד איז זיך נוקם אָן מיר
פֿערוויסט איז אַלעס, צערשטערט פֿערברענט.
—אַליין דו שלעכטער זוהן
מיין בית־המקדש האָסטו פֿערברענט
אויסגעלאָשען דאָס ליכט פֿון ציון
האָסטו אַליין מיט דיינע הענד
האָסט געגזלט געראויבט
דיין ברודערס בלוט אומזאָנסט פֿערגאָסען
דורך שִׂנְאַת חִנָּם איז בלוט געפֿלאָסען
אין דיין אונגליק שולדיג ביזטו נור אַליין.

III.

אֵיכָה ווי איין אַלמנה וויינט און קלאָגט
ירושלים די שטאָלצע שטאָדט
איהר איינציג קינד האָט אַ פֿרעמדער אַרויס־געיאָגט
און זיי בערויבט פֿון אַלע איהר גוטס
געדענק מיין גאָט, געדענק דיין קינד,
אוי לאָז מיך ניט ווערען צו שאַנד
האָסט מיך געשלאָגען וועה אונד ווינד,
אוי גאָט גענוג רייך מיר דיין האַנד
הֲשִׁיבֵנוּ חַדֵּשׁ יָמֵינוּ
איך וועל שוין ניט זינדיגען, אוי ניין!
זעה מיינע טרעהרען, מיין געוויין
מיר העלפֿען ווידער קענסטו נור אַליין
נור דו מיין גאָט, נור דו אַליין (אַב, מעלאָדראַמאַ).

אויפֿטריט ישמעאל משוגע.

## ישמעאל.

אָט איז דער ריכטיגער פלאַץ, דאָ זאָל מיינע קרעהנונג שטאַט־



פֿינדען! קניעט אַלע ניעדער!.. זאָ, זאָ, יעצט געהט עס לאָז (טוהט אָן די קראָהנע) איך האָב מיין ציעל עררייכט, ענדליך בין איך קעניג, יעצט שרייט אַלע מיט מיר: עס לעבע ישמעאל דער קעניג פֿון ישראל! וואָס?! איהר שווייגט?!! (ערנסט) וואו זענען זיי היגגעקומען? אַלעס מיט איינמאָל פֿערשוואונדען, וואו זענט איהר מיינע טרייע סאָלדאַטען? וואו? וואו?!.. (ציטערט) אָה אַ געראויש, מען קומט (עס בעווייזען זיך סקעלעטען מיט געשריי) איהר זייט עס, איהר שרעקליכע גייסטער? איהר קומט שוין ווידער מיך זאָ אונבאַרמהערציג צו מאַטערן?! וועק! וועק! איך קאָן דיעזע שרעקליכע קוואַהלען ניט מעהר אויסהאַלטען! אָה ווי עס רוישט, ווי עס שטורמט! וואוהין זאָל איך לויפֿען?! גענוג!.. גענוג!.. איך קען ניט מעהר אויסהאַלטען, מיטלייד! ערבאַרמונג! נעמט מיר מיין לעבען, איך גיב אייך עס גערן! ניין! איהר ווילט ניט?! איהר ווילט מיך לעבענדיג בעגראָבען (סקעלעטען פֿערשווינדען, שרייט, פֿאַלט).

אויפֿטריט צפניה מיט די ברידער.

## צפניה.

פֿון דאַנען קומט דאָס יאָמערגעשריי, ווער זאָל דאָס זיין? (ערבליקט ישמעאל) זעהט נור מיינע ברודער, דאָ ליגט דער טייערער שאַץ, וועלכען מיר זוכען שוין זאָ איין לאַנגע צייט! העע יונגע! אין זאָ איינע לאַגע זעה איך דיך ווידער? זאָ טרעפֿט גאָטעס שטראָפֿע איינעם נאָך'ן אַנדערען! די אַלטע חמוטיל איז פֿאַר שרעק אויף די געבירגע געלאָפֿען, אונד פֿון אַ הויכען פֿעלזען אַרונטער געפֿאַלען, הייטע מאָרגענס האָב איך זי געפֿונדען צערשמעטערט! אונד דיעזען העלדען, שוין נור אָן מיינע ברידער, ווער עס ווינשט אונז שלעכטעס זאָל קומען אויף זיין לאַגע.

## ישמעאל.

אָה, איהר זייט עס מיינע בראַווע סאָלדאַטען???!!

## צפניה.

וואָס? דיינע בראַווע סאָלדאַטען?! וועמען רופֿסטו בראַווע סאָלדאַטען? (לויפֿט מיט'ן שווערד) דאָך ניין! דיעזע שווערד וועלכע האָט געשטריטען פֿיר גדליהו, זאָל ניט בעריהרען דיין שענדליכען מערדערישען קערפּער! גדליהו העסטו דיעזען נאָמען? מערדער! אָה ווי ער ציטערט! זעהט ווי ער בייגט זיך צוזאַמען, ניין, איך דאַרף איהם ניט בעשטראָפֿען, זיין שטראָף איז שוין אין זיין האַרצען.

## ישמעאל.

גוטע מענשען! העָרט מיך אויס! איך ענטזאַגע מיך פֿון דאָס קעניגרייך!

### צפניה. (לאַכט)

ווירקליך? אונד דו מיינסט עס ערנסט? הערט ברידער א גוטסקייט פֿון איין קעניג!

### ישמעאל.

היער לעגע איך צו אייערע פֿיסע מיינע קראָהנע (לייגט) נור איינע זאַכע ביטע איך אייך, האָט מיטלייד מיט מיר, נעמט מיר דאָס לעבען, איך ביטע אייך.

### צפניה.

מיינע ברידער! ווער פֿון אייך וויל דורך־שטעכען דאָס הערץ פֿון דיעזען אַרמען זינדער?

### אלע.

איך נישט.

### צפניה.

גאָט האָט גערכטעט! געה ווייטער און קום אויף אנדערע הענד.

### ישמעאל.

זאָ ציטערט איהר פֿאלשע קנעכט!

### צפניה.

וואָס?!

### ישמעאל.

ציטערט פֿאַר אייער מעכטיגען קע... אָה ניין, ניין, רעטעט מיך. זעהט אָט קומען זיי שוין ווידער.

### צפניה.

ווער קומט?

### ישמעאל.

די שרעקליכע גייסטער, זיי פֿערפֿאָלגען מיך שוין ווידער, איך בעט אייך לאָסט ניט, מען רייסט מיר שוין ווידער מיין קערפּער! לאָסט ניט! העלפֿט מיר! חַ חַ חַ (אָב).

### צפניה.

גאָט איז גערעכט! און ער איז משוגע!

(אויפֿטריט ירמיהו).

### ירמיהו.

נָפְלָה עֲטֶרֶת ראשֵׁינוּ אוֹי נָא לָנוּ כִּי חָטָאנוּ! גאָט איז מיט אייך מיינע קינדער!



### צפניה.

הייליגער פּראָפֿעט! מיר זענען צו דיר געקומען! זאָלסט אונז ציינען דען וועג אין וועלכען מיר זאָלען געהען און וואָס מיר זאָלען טהון! מיר זענען אלע בערייט נאָך עגיפּטען אויסצוואַנדערען, דאַרפֿען מיר דאָס?

### ירמיהו.

בעהיטע אייך גאָט מיינע קינדער פֿון זאָלכע געדאַנקען, פֿערדערבען און אונטערגאַנגען, דאָס ערוואַרטעט אייך אין עגיפּטען, ווער עס וועט פֿערלאָזען דיעזע הייליגע ערד, דער וועט נישט מעהר דערלעבען זי ווידער צו זעהען, בלייבט! בלייבט אין דיעזעם הייליגעם לאַנד! אין נאָמען פֿון אונזער גאָט ריידע איך יעצט צו דיר מיין פֿאָלק: (אַלע קניען). „באַלד קומט די צייט און איך ווערדע צובּרעכען דעם יאָך וואָס דו טראָגסט אויף דיין האַלז. צורייסען די קעטען מיט וועלכע מען האָט דיר דיינע הענד געבונדען, פֿערוויסטען וועל איך באַבילאָן, וועה וועט זיין צו דיר נבוכדנצר! ציטערט איהר באַלדעער! איהר פֿייניגער פֿון מיין קינד, איין מעכטיגען פֿיינד וועל איך איבער אייך ברענגען! און וועל אייך פֿערשעלטען פֿאַר אַלעם בעזען וואָס איהר האָט געטהון מיין הייליג ציון, קום צוריק צו מיר מיין פֿאָלק! איך האָב דיך ליעב מיט אייביגע ליעבע. אַזוי זאָגט דיין הער, דיין גאָט"! (מען הערט זינגען אין טעמפּעל)?

### כאר.

לויבט גאָט אונזער הערן, עוויג זענען זיינע גנאַדע! הללויה!

### ירמיהו (קניעט).

איך זעה ווידער ציון אין פֿריהעריגען גלאַנץ, דאָס הייליגע הויז פֿון גאָט איז ווידער אויף געבויעט! קומט מיינע ברודער! (אַלע אָב, כאָר זינגט אין טעמפּעל).

פֿאָרהאַנג פֿאַלט.



## מאָדערנע ליטעראטור

אונטער דעם נאָמען „מאָדערנע ליטעראַטור" טרעטען מיר צו אַרויסצוגעבען אַ גאַנצע סעריע ערצעהלונגען, דראַמען, סקיצען א. ז. וו. אָריגינאַלע און איבערזעצונגען פון די בעסטע קלאַסישע שריפטשטעלער פון פראַנצעזיש, דייטש, פּאָלניש און אַנדערע שפּראַכען.

עס זענען ארויס פון דרוק:

1) גיואַי דע מאַפּאַסאַן: ערצעהלונגען I 12 ק׳

2) הערמאַן הייערמאַנ'ס: אהשער . . . . . 7 „

3) גיואַי דע מאַפּאַסאַן: ערצעהלונגען . II . 12 „

4) פּרץ הירשביין: „דער אינטעליגענט" . . . . 25 „

5) מ. ז. פייערבערג: ערצעהלונגען . . . . . 8 „

די אַדרעסע:

Издательство „Явне" Варшава

Дикая 13 телеф. 192, 76.

## אַנאָנסע

עס זענען אַרויס פון דער דרוק פון דער סעריע טעאַטער ביבליאָטהעק

7) יודישער קעניג ליר י. גאָרדין 25 קאָפּ

8) דער ווילדער מענש (מיט אַבבילדונג) י. גאָרדין 25 קאָפּ

עס דרוקען זיך פיעל אַנדערע טעאַטער־שטיקע

Издательство „Явне" Варшава

Дикая 13 телеф. 192, 76.

## פערלאגס־בוכהאנדלונג „יבנה".

ספּעציעלע בוכהאנדלונג פאר יודישע ליטעראטור, קונסט, געשיכטע און וויסענשאפט אין העברעאישער, זשארגאנישער, פוילישער און אנדערע שפּראכען.

## גרויסער אויסוואהל

פון: לעהר־ביכער און מעטאדעס צו ערלערנען העברעאיש, רוסיש, פּאלניש, דייטש, ענגליש און אנדערע שפּראכען. פערשיעדענע יודישע בילדער, אנזיכטס־קארטען און אלבומ׳ס, — יודישע נאטען פאר פּיאנא און פידעל פון אלע יודישע טהעאטער־פּיעסען, ניגונים מענין א. ז. וו.

אלע ביכער פון די פערלאגען: אחיאסף, תושיה, מוריה, האור, פּראגרעס, די וועלט, צוקונפט, חרות, המון, קאמפּף און אנדערע.

## !!!וויכטיג פאר פּראווינציעלע בוכהענדלער פעראיינען און ביבליאטהעקען !!!

כדי צו געבען די מעגליכקייט פּראווינציעלע בוכהאנדלונגען פעראיינען און ביבליאטהעקען אלעס אין איין ארט און צור צייט צו בעקומען — האבען מיר אויסער אונזער אייגענע אויסגאבען קאנצענטרירט ביי אונז אין בוכהאנדלונג זעמטליכע אויסגאבען וואס ערשיינען אין די לעצטע צייט, יעדער קונדע ווערט אויפגעפאסט און גלייך נאכ׳ן עמפּפאנג פונ׳ם בריעף ווערען די ביכער אויסגעשיקט לויט זיין בעדארף.

## !!! די בעסטע בעדינגונגען !!!

בעהאנדלונג, שטרענג רעעל און פּינקטליך

**Книжный магаз. издат. „ЯВНЕ"**
**Варшава Дикая 13, тел. 192,76.**